# אינהאלט

דעם ליכטיקן אָנדענק פון מיין
שוועסטער, רישאַ (רבקה) ריבשטיין—
דעם גרויען, אומבאַקאַנטן זעלנער
פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד—
געהייליקט.

# ר׳ אפרימל

נאכמיטאג. דער פעטער חיים זיצט אין זיין פאטער־שטול ביים אויוון, מיט בלייכע פינגער אונטערהאלטנדיק די גמרא, ווי אן אלטע הייזקע, וואס דראט יעדע רגע איינצופאלן. זיין שטענדיק ארט ביים טיש איז נאכניט גרייט אים אויפצונעמען; דאס טישטוך, פארקאשערט, אנט־בלויזט די נאקעטע, מאסיוו־דעמבענע פיס און אויפן דיל שפרייט זיך א פלעטש:

חנה רוימט.

שוין פארטיק דאס וויכטיקסטע ווינקל צווישן די בעטן — אז מ׳שטערט ניט, גייט עס שנעל.

אט זיצט ער, זעליקל, גאנץ געהארכזאם אויף זיין מאמעס בעט און שרייבט איינדערלופטן אותיות מיט די פינגער פון די אראפהענגענדיקע, בארוועסע פיס. נאר די אויגן פארגעסן פלוצים צו קוקן אהין און זעליקל „פארגאפעט" זיך. די פיסלעך, קוים־קוים נאך צעהוידעטע, בלייבן הענגען א ווײַלע ארבעטסלאז איבערן נאסן דיל.

חנה כאפט א בליק אויף זיין בלייך, בא׳פאה׳ט פנימל, אויף די דארע פיסלעך, וואס הענגען, ווי בייטשן, אראפ פונעם בעט.

— קאלעמוטנע אן דער מאמען, האַ!? — גיט אויפהויבנדיק דעם קאפ, געבויגן איבער דער נאסער שמאטע, גיט זי א ווארף אין זיין זייט — ווערסט פאלגן, נעם איך דיך מארגן מיט אין שפיטאל.

— פאָלגן, פאָלגן... — וואָרטשעט ער, א ברוגזער — גיט צו איר, נאָר צו עפּעס א פארפאַטשקעטן אָרט אויפן דיל, וואָס שיינט אים איצט גאר שטארק צו אינטערעסירן — פאר אלץ באצאל זיי! און בחינם קענסטו ניט?... אז א גרויסער וויל אהין צו עמיצן, פאָרט ער און שוין — ווער קען אים דען שטערן?! און אַ קליינעם — כאָטש וויין א גאַנצן טאָג, צו דער אייגענער מאַמע, וואָס ליגט קראַנק אין אַ „פרעמד" שפּיטאָל — לאָזט מען ניט אהין. אז האסט נאר געזאָגט, „אויב איכ'ל פאָלגן", ווייס איך שוין, וועסט ניט מיטנעמען, חנה-פאַנע, שנוראָוואַנע!... — ווארפט ער ארויס פון זיך דעם סאמע צאָרנדיקסטן אַקאָרד און זוכט אינעם געדאַנק אַ פּאַסיקן רעפריין צום אנגעהויבענעם לידל, וועלנדיק שוין פאראייגוועגס נוקם זיין זיך אויך דערפאר, וואָס זי לאָזט ניט בריקען זיך, ווי א לאָשעק, אינעם פלעטש. א חנה דאָס איז: איינמאָל איז די מאַמע ניט אינדערהיים, מ'וואָלט, דוכט זיך, געקענט טאָן, וואָס מ'וויל, — איז זי דאָ!...

אָט האָט ער עס! באלד וועט ער איר ארייַנזאָגן, און זי'ט מוזן שווייגן, ט'ניט קענען זאָגן אַ וואָרט; — אדרבא, זאל זי!...

— ביסט אליין אַ חלוצ'טע, פאָלגסט ניט דיין טאַטן, ניט מיי-נעם און צו מיר טשעפּעסטו זיך: פאָלגן און פאָלגן!...

חנה לאַכט אריין אין דער ברודיקער פליסיקייט, וואס טונקלט זיך אין עמער. נאָר דער פעטער חיים, וואָס וואָלט גאָר אן אנדערשמאָל אָנגעקוואָלן פון אַזאַ חכמה, ווערט איצט מלא כעס: דאָס פנים אנגע-צונדן, די שמאָלע ביר-אויגן, נאָך שמעלער און שפּיזיקער, ווי תמיד, — גלייך א בליץ וואלט פלוצים דורכגעשניטן דעם ערשט אזוי רואיקן פירמאַמענט, — גיט ער א וואָרף מיטן געלן בערדל אין יינגלס זייט און, אָפּרייסנדיק אַ האנט פון דער גמרא, ווייזט ער אָן, ווי מיט א טייט-העלצל אין דער ריכטונג, וווּ ס'שטייט אָפן די טיר.

— ארויס! אין חדר אריין! — שרייט ער. און מער קיין ווארט. פארגעסט אפילו צוצוגעבן זיין געוויינלעכן „הייסט עס"...

אָבער זעליקל מאכט זיך דערפון ניט א האָר. אדרבא, גייענדיק צו דער טיר, וועט ער טאקע קענען צעבריזגען די נעציקייט אויפן דיל.

וואָס האט ער זיך עפּעס אזוי צעקאָכט, דער פעטער? — פאָרשט אים חנה מיט באהאלטענע בליקן, וויל דערגיין די סבה.

נאר זיין פנים איז ווידער פול דבקות, וואָס שפּרייט זיך אומ-

זעבאר פון דער אָפּענער גמרא, און פון באָרד־ און וואָגצעס־געריכטעניש ניגונט ארוים דער „תנו רבנן".

פארענדיקנדיק וואשן דעם דיל, גייט חנה דורך אין געדאנק דעם דערנער־וועג פון איר קיבוץ, וואָס האָט זיך „באזעצט" אין דעם שטעטל אויף הכשרה און זי דערמאָנט זיך, בעיקר, די „קרייץ־צוגן" פון די שטעטלדיקע ייִדן, מיטן פעטער חיים „גאָ־שפּיץ", ווי זיי פלעגן קומען אין דער פלוגה — און ניט סתם אזוי, אויף בייז־ווונדער, נאר מאקע בודק זיין יעדעם ווינקל, צי אלץ איז דא כדין.

שטאַרק אומבאקוועם פלעגט דאָס זיין אין די שבתים, יומי דפגרא, נאָר אמערגסטן איז עס געווען פּסח.

און קומען פלעגן זיי גלייך פון שול, אנגעטאָן אין די געשטרייפטע טליתים — אמתע „גאָטס קאָזאקן". דאס ערשטע מאָל, געדענקט זי, האָבן די ייִדן אָנגעקליבן אויפן וועג א פּאָר שטיינדלעך און בשתיקה אַראָפּגעלאזט אין די קעשענעס פון די אַטלאַסענע קאַפּאָטעס: — טאָ־מער, ווי ס'מאכט זיך, — מ'וויים דען עפּעס מיט אזעלכע לאָבוזעס?... אין די קיבוצניקעס, באַמערקנדיק בעת מעשה די אָפּשטייענדיקע קעשע־נעס, האבן געשושקעט זיך מיטאנאנדער, אז „לשם מצוה" טוען די חסידים גאר אן עבירה...

נאָר פנים־אל־פנים מיט די קרעפטיקע און ספּריטנע ייִנגען, האבן זיי, די שטעטלדיקע תושבים, גלייך איינגעזען, אז דאָ וועלן די שטיינדלעך ניט האבן קיין פעולה. דאָ מוז מען אויסגעפינען אן אנדער סאָרט געווער, — א מין „פערציקער קאַנאָן", א שטייגער.

און זיי האָבן עס מאקע דאָקאָזשעט, דאָס „גאָט־געזאלבטע" כלי־זין:

ר' חיימל, דער שטעטלדיקער מנקר, חנה'ס פעטער מיטן צונג־מעניש „הייסטעס", איז געווען דער גענעראַל פונעם חיל. אין קהלם נאָמען האט ער געגומען טענהן מיט די חלוצים, אָפּעלירן צו זייער ייִדישן געוויסן, אז אזוי און אזוי, הייסט עס: אייערער קליינע קינדער זאָלן חלילה אויסגיין אין שטעטל פאר די זינד פון די הכשרה'ניקעס, איז גלייבער, זיי, די שטעטלדיקע, זאָלן באצייטנס אכטונג געבן, הייסט עס, צי איז מען דאָ, רחמנא לצלן, ניט מחלל שבת און בכלל, — אין הלכות־כשרות, וכדומה.

אוודאי קענען די חלוצים, הייסט עס, מאכן זיי א משכנתא, אדער אפילו דערהרגענען, — אבער זיי, די באַלעבאַטים, זייגען גרייט

אויף אלץ: יאָ משכנתא ניט משכנתא, הייסט עס, דער׳הרגענען, ניט דער׳הרגענען, — אלץ איינס וועלן זיי ניט אָפּטרעטן, ביז זיי וועלן ניט נאָכזען. און וועט מען אריינלייזן, איז עס אויך מן השמים, הייסט עס, און הייליקן דעם נאָמען פון רבונא דעלמא כלה, איז א גרויסער, גאָר גרויסער זכות!...

נו, גיי קעמף מיט אזעלכע יידן!...

האט טאקע צבי׳עלע, דער סדרן־עבודה, איינער פון „חברה טראַסק״, אוועקגעשטעלט זיך אין פראָנט פאַר די באַ׳טלית׳טע יידן און, ניט לאָזנדיק ר׳ חיימל „הייסטעס״ צופיל בראָיען, גענומען צוריקטע־נה׳ן מיט זיי בזה הלשון:

— וואס „פעטשעמעטשעט״ איר, יידן — משכנתא׳ס מאכן, אָדער דער׳הרג׳ענען גאָר, רחמנא לצלן? איז עס דען א יידישער ענין? פאַראַן דאָך א בפירושער „לא תרצח!״ ווי פאַסט דאָס, א ייד א בר־דעת, ווי איר, ר׳ חיימל, זאָל גאָר, זייט מוחל, בראָקן אזעלכע מיני שטותים. א חוץ די צוויי ברירות, האבן מיר גאָר, ברוך השם, א דריטע: מיר וואָלטן פשוט געקענט ארויסטראָגן אייך אלעמען פון דאַנען. נאָר צו דעם וואָלט איר אויך פריער געמוזט אַוועק אין א כשרן פענסיאָנאַט, אַלע ווי איינער — ס׳זאָל יעדן פון אייך צוקומען... כאָטש אַ צען קילאָ, דעמאָלט וועט מען קענען שמועסן. אין אייער איצטיקן מעמד, וועט קיי־נער פון אונדז קיין פינגער אויף אייך ניט לייגן. איז — פירט דורך די בדיקה. נאָר זעט, מאַכט עס בקיצור, פאַרשטערט אונדז ניט דעם שבת!

— האט ער דערלאַנגט לשון, מאַכנדיק דערביי אַן ערנסטע מינע, בעת די איבעריקע חברה האבן זיך געקייקלט פאַר געלעכטער. — דרך אגב, מעגט איר קוקן אביסל דורך די פינגער, ווייל איר זייט אליין, כ׳לעבן, ניט פריי פון א פּאָר קליינע חטאים—כ׳מיין: די דראַבנע שטיינדעלעך, וואָס איר טראָגט גראָד אין די קעשענעס אום שבת... און מביש זיין יידן, איז אויך א קנאַפּע מצוה. פון ר׳ אפרים׳לען וועט איר אסור באַקומען דערפאַר א קניפּ אין בעקל. ניט קיין קלענערער בעל יחוס, דוכט זיך, פון אייך, און זיצט פונדעסטוועגן אינדערהיים, איז עוסק אין פרומערע זאַכן און שפּאַרט זיך ניט אַהערצו.

— ווייס איך, וואָס? — האָט דער פעטער חיים געשמאַכט, מלא שמחה דערפון, וואָס זיי האבן מנצח געווען — א ייד, בטלן הייסט עס...

אזוי האבן זיי מער ניט מיטגעבראכט מיט זיך קיין שטיינדלעך,

אבער צו די „בדיקות" האט עס קיין סוף ניט גענומען. און אז ס'האט פארשפרייט זיך א קלאַנג אין שטעטל, באשר, אין קיבוץ שטעלט מען חזיר אין טשאָלנט, האט זיך דער פעטער חיים ניט געפוילט מיט זיין פאָלק ארייננצומארשירן אין דער בעקעריי און צעטרייסלען אלע חלוצישע דיניצעם...

איי, צרות האבן זיי געהאט פון איר פעטער חיים, צרות! די הדיפות זיינען געווען אין לשער. ניט שטענדיק האט זיך עס אזוי פרידלעך געענדיקט, אָבער מחמת דעם, וואָס די באלעבאטים האבן זיך אלץ ניט געקוואַפּעט צוצונעמען וואָג, איז עס אלעמאָל אויסגעגאנגען בלויז צו געשרייען...

יינגוואַרג האט אַפילו געשמועסט, אז דאס איז ער זיך אפּנים נוקם דערפאַר, וואס זיין ברודערן-טאָכטער, חנה'לע, איז אריינגעפאַלן אינעם שטנם נעץ און געווארן א גאַנצע פירערקע אין קיבוץ. אָבער חנה'לע האט געוווסט פונעם טאַטן, אז איר פעטערס שנאה צו די חלוצים ציט זיך נאך פון פריער.

נאָר דערנאָך האבן אנדערע געשעענישן פארכאפּט די שטעטלדיקע יידן: ר' אפרימ'ל, דער ירא-שמים און בן תורה — האט זיך געגרייט צו פאָרן אין ירושלים מיט זיין בני-בית. ס'הייסט, וואס האט ער זיך צו גרייטן, ר' אפרימל, וואָס איז אויסגעטאָן פון אלדי גשמיות פון אן עולם-הזה'דיק לעבן? ביי אים וואָלט בכלל רעכט געווען — בלויז די ספרים פארפאַקן אין א קאַסטן, א העמד צום איבערבייטן אויף שבת, טלית און תפילין און טערן אָרעם און אוועק לעיר הקודש...

נאָר אזוי ווי ווייב און קינדערלעך זיינען דאָך ברוך השם דאָ ביי א יידן און א יידענע וועט, פארשטייט זיך, אָן דעם ביסל היימישע בעבעכעס זיך ניט רירן, איז מילא — וואס טוט מען ניט צוליב שלום-בית? זאָל זיין בעבעכעס — איז ער מסכים.

אבער קהל האט ניט געקענט פועלן ביי זיך, ארויסצולאָזן אזא טייערן ייד קרועה בלויה — מיט זיין בינטל אָרעמקייט.

ר' אפרימ'לס אָפּפאָרן איז בכלל געווען, ווי א גזר-דין פארן שטעטל. נאָר וואס האבן זיי זיך דען געקענט העלפן? ר' אפרימ'ל האט זיך זיינע דרכים, און ס'ווייסן אפילו קינד און קייט — קוים האט ער עפּעס פארטראכט, וועט מען אים מיט קיין צען פאָר פערד ניט איינהאלטן.

וועט ער פאָרן, ר' אפרימ'ל. אָבער אן אויסשטייער מיט אלערליי

מתּנות וועט מען אים איינשאפן, ווי א בן מלך. נישקשה, מ'וועט עס דאָקאַזשען; מ'זאָל אפילו וויסן אויסצושאָקלען די גאַנצע גובערניע — ניטאָ קיין אָרעם קהל, זאָגט מען...

נאָר ר' אפרימל האָט זיי אַלעמען אָפּגעטאָן א שפּיצל אויף זיין שטייגער: אין טאָג פון אָפּפאָרן — אַלע מתּנות פאַנאַנדערגעטיילט צו די אָרעמעלייט פון שטעטל. און די טייערסטע מתּנה, צו דער שטויננג פון אַלע שיינע יידן — אַוועקגעטראָגן אינעם קיבוץ.

— פּרירט א בחור אין די ווינטער-נעכט, היטנדיק דאָס האָליץ ארום טאַרטאַק — האָט ער געזאָגט — וועט אים צונויף-קומען דער טכויר-פּעליץ. אָמפּערט זיך ניט — האָט ער באַלד צוגעגעבן, זעענדיק די מינעס פון די חבֿרה. — ס'איז דען מיינס? דעם רבונו של עולם'ס איז עס און איר זייט דערצו ניט קיין קלענערע שותּפים פון מיר...

ס'האָט גאָרניט געהאָלפן — דאַסמאָל האָט דער קיבוץ געמוזט מותּר זיין אויף פּרינציפּן, ווייל אָפּזאָגן עפּעס ר' אפרים'לען, וואָס האָט קיינמאָל גאָרניט פאַרלאַנגט און אויך ניט געבעטן, — אויף דעם האָט נאָכניט געפונען זיך קיין מומחה.

א סך געריכטקייט, דערמאַנט זיך חנה, האָט זיך געוועבט ארום דער אויסטערלישער געשיכטע און אויך ניט ווייניק געלעכטער. שוין אָפּגערעדט דערפון, אז יעדער שמירה'ניק, וואָס האָט כאָטש איינמאָל אָנגעטאָן דעם פּעליץ, האָט, צו זיין אמתן, צובאַקומען נאָך א נאָמען: „קאָזשוך". און אזוי פלעגט עס שוין בלייבן. האָט מען געהאַט א „יצחק קאָזשוך", דב, יחזקאל, ראובן, סיאָמקע — לויטער „קאָזשוכס". און איינמאל האָט זי, חנה, אויך זוכה געווען: ניט עפּעס סתּם א חנה, נאָר טאַקע גדלותדיק — „חנה קאָזשוך".

אָ, ר' אפרים'ל — דאָס איז ניט אזוי פּשוט!... א סך חדושים איז איר אויסגעקומען צו הערן וועגן דעם יידן; און מאַנכע זיינען פּאַר-לאָפן אין דער צייט, ווען זי איז שוין געווען אויף הכשרה אינעם שטעטל:

איינמאָל, אין א ווינטערדיקן טאָג, איז ער אהיימגעקומען אין שטוב... אָן שטיוול. טאַקע ממש — אין די גאָלע שקאַרפּעטן.

דאָס ווייב האָט זיך זייער דערשראָקן.

— וואָס איז געשען, פראָים'ל?!... — איז זי אים אנטקעגנגע-לאָפן צו דער טיר.

— גאָרניט... — האָט ער איר באַרואיקט.

— דאך — ווי האסטו דיינע שטיוול? — איז זי צוגעשטאנען, אראָפּציענדיק פון זיינע פיס די פּימש-נאסע שקאַרפּעטן — וויי, וויי, איין גאָט אין הימל זאָל זיך מרחם זיין, — וועסט זיך מיר נאך חלילה פארקילן!...

— ווּעסט דאָך ניט בייז זיין אויף מיר? — האט ער געקוקט אין איר זייט מיט ליבשאפט, ווייל ער האט תמיד גערן זיין יידענע. — אוועקגעגעבן די שטיוול. דו מאָל דיר נאָר אויס, דבורה'ל: א ייד גייט אזוי אין גאַס, די פיס ארומגעבונדן מיט שמאטעס: א פרעמדער, אן אורח — ווער ווּעט זיך אומקוקן אויף אים? נו, — טראַכט איך מיר — אפרים, דאס ווּעטער, א ליגנדס, די גוטע יאָר ווּעלן דיך ניט נעמען! און כ'האב אויסגעטאן די שטיוול.

— גזלן, רוצח!... — איז אויסער זיך די יידענע — האסט דאָך געקענט אהיימקומען אין שטוב, אים אוועקגעבן, וואָלסטו פארשפּאָרט די פיס איינצוגעצן — נאָ, דעק זיי ארום מיט מיין וואַטענעם פעלצל!

— זעסטו, — איז ער פארלעגן — כ'האב מורא געהאט, טאָמער זאָגסטו מיר א וואָרט, טאָמער פּרוּוסטו אָפּריידן — איז אי מיט דיר זיך קריגן, אי מביש זיין א יידן — צו וואס דארף מען עס? בעסער אזוי, דבורה'ל... ראשית כל — ווו גיי איך דען? די פּאָר טריט אין בית המדרש?.... און צוריקגעשמועסט — ווּעט דען מיך קהל לאזן גיין באר-ווּעס?... איכ'ל דורכקומען — און א ייד דארף דאָך פארדינען חיונה — מוז נעבעך גיין איבער די הייזער; ווער ווּעט אים העלפן אין זיין מעמד?...

— — — בעצם איז ר' אפרים'לס הארץ אָפן ניט נאָר פאר מענטשן, נאָר אויך פאר יעדן מין בעל-חי. און אממייסטן האט ער גערן עופות.

— טייערע באשעפעניש: — פלעגט ער זאָגן — טוען קיינעם ניט קיין עוולה און ברענגען נאָך נוצן דעם בן אדם.

מאכט זיך אמאָל, ס'ווייב קומט אהיים פון איינקויפן, וויל גרייטן דעם טיש צו מיטאָג. דאס קליינוואַרג פישטשעט צוביסלעך אין די ווינק-לען און דער עלטערער איז אויך שוין דאָ פון חדר. זי זוכט אינעם שענקל — ניטאָ דאס האלבע ברויטל.

אויפגעגעסן? ניט מעגלעך. זי איז ערשט ניט לאנג ארויס פון שטוב. און בכלל — פראָימל עסט ניט צווישן די מאָלצייטן. די קינדער האבן ערגעץ פארשלעפט מסתמא...

— פראָימל! די קינדער האָבן עפּעס געגעסן? — ווענדט זי זיך צו אים מיט א פראגע.

— ניט געוואלט עסן קיין טרוקנס. באדארפן אפשר מער אָפּגעבן זיך מיט זיי?... — כאפּט ער זיך פונעם ספר.

— ניין. — באַרואיקט אים דבורה — מירן באלד עסן וואַרעמס. נאָר א גנבה איז מיר עפּעס געשען: — גיט זי צו פארלעגן, אויף איר שטייגער — ס'ברויט קען איך ניט געפינען אין שענקל. געמיינט, אפשר האָבן די קינדער אויפגעגעסן, אפשר פארשלעפּט ערגעץ?...

דאָס מיינסטו?... — שטייט ער פלוצים פאר איר פארשול־דיקט, ווי א חדר־ייִנגל. — זעסטו, ענטלעך זיינען פארבייגעגאנגען דעם פאָרוועך און געקוואַקעט. עפּעס אזוי אויסגעזען, ווי זיי זאָלן זיין הונגעריק. כ'וויים, — אפשר טאַקע... — קנייטשט ער דעם שטערן און זוכט אין אירע אויגן פארגעבונג — הכלל, כ'האב צעקרישלט דאָס ברויט, ארייג־געגאָסן וואסער אין דער טריפה'נער שיסל, ארויסגעטראָגן אין פאָדוועך און צוגערופן די ענטלעך. וואלסט געזען, ווי זיי האָבן זיך א נעם געטאָן צום פּיקן!... ביסט דאָך ניט בייז, דבורה'ל — נח'קע וועט באלד א לויף טאָן נאָך ברויט אין געוועלבל.

נאָר דבורה איז צוגעוווינט צו איר מאנס דרכים. זי פארשטייט אים.

א חוץ דעם:

אויף ל"ו־צדיקים שטייט די וועלט און ער איז אוודאי איינער פון זיי, — זאָגט זי זיך. — הייגט, ווי קען זי בייז זיין?...

און אנדערשמאָל גייט ער אויפדערנאכט ארויס אין קעמערל, ווי תמיד — נאָכן שעניק, אויף וועלכן מ'בעט אוים דאָס געלעגער פאר דעם עלטערן ייִנגל. גייט ארוים איינמאָל און נאָכאמאָל און קומט צוריק מיט גאָרניט.

— פראָימל... — דערמאָנט אים ס'ווייב ניט דרייסט, צוגרייטנדיק די פריש־געוואשענע וועש צום מאַנגלען — גיי ארוים נאָכן שעניק — נח'קע האט זיך מיר שוין צוגעלענט, כאַמערט אויפן בעטל.

דאָס אָנגעצונדענע ליכט אין האנט — גייט ער ווידעראמאָל ארוים אין קעמערל. נאָר ס'דויערט א ווײַלע און אָבעראמאָל שלייכט ער זיך אריין אין שטוב — אָן שעניק.

דעם ווייב ווערט עס שוין קשה.

— וואָסי? — פרעגט זי — ווידער ניט געברענגט דעם שעניק?

— כ'ווים?... — שעמט ער זיך צו זאָגן.

נאָר דבורה'לס מילדער בליק דערמוטיקט אים. קווענקלענדיק זיך, גיט ער צו גאַנץ שטיל, קוים צום הערן:

— דער האָן, דבורה'ל, איז איינגעשלאָפן אויפן שניק... איבער־וועקן אים — עפּעס איבער דער טבע. אפשר צוואַרטן אביסל? ער'ט אויפכאַפּן זיך מסתּמא און אליין אוועק אויף דער גזשענדע — סײַווי דרעמלט ער שוין, נח'קע, אויפן בעטל...

אזא איז ר' אפרים'ל. און אָט איז שוין אוועק א האלב יאָר, ווי ער איז אין ארץ. פריער זוכה געווען פון חנה'ן. מילא, אים פארגינט זי...

* * *

נאָך ר' אפרים'לס אָפּפאָרן, האבן עפּעס איינגעשטילט זיך די רדיפות אויפן קבוץ: סתם מיד געוואָרן, אָדער איז עס אפשר געווען די מעשה מיטן פעלץ, וואָס האט פארשטעלט זיי דעם וועג צו דער קבוצישער דירה?

נאָר אינגיכן איז אויסגעבראכן א שריפה אין שטעטל און הגם די חלוצים זײַנען עס געווען די, וואָס האבן מיט מסירת־נפש אָפּגעלאָשן דאס פייער, האט אָבער דער פעטער חיים ווידער גענומען אריינאָקערן אין די שכנים, אז דאס איז אן אצבע אלוהים, וואָס דער אין הימל האט גע־וויזן, זיי צו וואָרנען, אז די הכשרה'ניקעס דאַרפן פארלאָזן דאס שטעטל. ס'פעלן, הייסט עס, שטעטלער אויף דער וועלט — וואָס עפּעס זיך אָנ־געזעצט אויף אונדזערס?...

און ווידער אײַנספּעקציעס און שיקאַנעס — ביז צום אינטערווע־נירן ביי ר' משה'ל סאָרנער, דעם בעל־הבית פונעם טאַרטאַק, ער זאל זיי ניט געבן קיין ארבעט.

נאָר מיטאמאָל האט עס זיך אָפּגעריסן: ס'מאַרשירן ניט מער קיין „פּאָלקן" אין דער קבוץ־דירה, מ'הערט ניט, מ'זעט ניט — קיינער טשע־פּעט ניט די חלוצים... און די סיבה דערפון וויים עד היום ניט קיינער. נאָר — א נפקא־מינה — אבי מ'האט פון זיי מנוחה.

און אז די מומע בריינע, דעם פעטער חיים'ס ווייב, איז געקומען אין קבוץ בעטן, מ'זאל איר שיקן חנה'לען אויף שירות, ווייל זי, בריינע, מוז אוועק אין שפּיטאל אויף אן אָפּעראַציע, האָט מען ניט איינגעזען, פאַרוואָס מ'זאל דערויף ניט איינגיין.

אזוי איז חנה גאַנצע טעג איצט ביים פעטער — ערשט אָוונט־צייט קומט זי אין קבוץ.

* * *

פארנאכט. זעליקל איז נאָך אין חדר. דער פעטער חיים, צוריק־געקומען פון שעבט־הויז, האט געדאַוונט מנחה, צוגלייך מיט חנה'לען אָפּגעגעסן וועטשערע און מיטן גרויסן, רויט־געקעסטלטן טאַשן־טוך צו־געגלעט באָרד־און וואָנצעס, באַזייטיקנדיק די קרישקעס, וואס האבן זיך פארפלאָנטערט אין דער האָר־געדיכטעניש.

דערנאָך האט ער זיך געלאָזט דערלאנגען נאָך א גלאָז טיי פון חנה'ן, ארויסגעזוכט א ספר פונעם שייבן־שענקל, און אָנזאָמלענדיק אויפן נאָז די שפּאַקולן, אוועקגעזעצט זיך ביים פענצטער צו געניסן צוויי גיטי־קייטן פאראמאָל: דברי חכמים און דעם זומערדיקן דרויסן.

געזופּט די הייסע טיי און, אויפהויבנדיק פון מאָל צו מאָל די אויגן פונעם ספר, געמיט זיך איינצובייסן עפּעס א הארטע סוגיה, אריבער־קוקנדיק פאראיינוועגס צו חנה'לען, וואָס האָט, זיצנדיק אויפן בעט, געצי־רעוועט זיינע און זעליקלס זאָקן. ברייגעס דארף מען ניט פאריכטן: אז זי רייסט גאָרניט — א טראָט זי האָט עס, די יידענע; ווי א פויגל...

אָפּגעזיפצט צוליב דעם „פעקל", וואס זי האט איצט, זיין יידענע, אויף זיך, און ווידער געזוכט פארגעסונג אינעם ספר.

א נס, וואס זיי האבן חנה'לען, אז ניט, וואלט דאס יינגל פאר־וואָרלאָזט געווארן — האט מאָמענטנווייז זיין מחשבה געדרייט זיך ארום „ערדישע" זאכן — ניט אומגערעכט אפשר אפרים'ל — גאָרניט קיין שלעכטע, הייסט עס, די חלוצים: ניט קיין ארומלויפערקע, חנה'לע — זי מיט זיך, זיצט אן מינוט ניט לער. און וואָלט זי נאָר מיט יידישקייט ניט אראָפּ פונעם דרך־הישר, וואָלט ער ניט באַדארפן זוכן ערגעץ־ווו א שנור, פאר מאיר'קען, זיין ישיבה־בחור'ל, הייסט עס, וואס זיצט אין לובלין...

און ווידער האט ער די אויגן פארגראָבן אינעם ספר, אונטער־שפּאַרנדיק מיט א האנט דעם שטערן.

— — — וואס איז ער עפּעס אזוי אין כעס געווען, דער פעטער, ווען זעליקל האט איר פאָרגעוואָרפן דעם חלוצישן יחוס? און בכלל — פאַרוואָס האָט ער עס מיטאמאָל אויפגעגעבן זיין קאמף מיטן קיבוץ? דוכט זיך, א ייד אַן עקשן, גיט זיך אזוי גיך ניט אונטער: עפּעס שטעקט דאָ א סוד אין דעם אלעם — איז זי געווען ביי־גיריק, חנה, און ניט גע־קענט דערגיין די סבה פון דעם אומגעריכטן שנוי אין דער אויפפירונג פון איר פעטער.

די גאנצע צייט איז איר גאָרניט איינגעפאלן צו פארגעסן דערמיט דעם רעיון. פטור געווארן פון א פלאָג — און פארטיק. ס'פעלט וועגן וואָס צו טראכטן?

נאָך דער היינטיקער כעס־אויסברוך איבער זעליקלען, האט אומדערוואַרטעט אויפגעלייזט אין איר די נייגיריקייט. אפשר טאקע א פרעג טאָן?...

די אויגן איינגעגראָבן אין דער ארבעט, האט זי פאָרזיכטיק, ווי פערל אויף א שנור, געצויגן די ווערטער:

— פעטער חיים... אויב דאס מאכט אייך ניט אויס, וואָלט איך... זייער וועלן וויסן, כ'מיין — אפשר קענט איר מיר זאָגן, פעטער, וויאזוי, — פאַרוואָס, מיין איך, קומט איר ניט מער אין קיבוץ?...

פארפאלן! זיי האבן זיך צעשאָטן, די ווערטער, ניט צוריקצוציען. זייער אָפּקלאַנג פלאַטערט בלויז אינעם חלל פון צימער און חנה, האלב־געשפּאַנט, האלב־דערשראָקן, דזשאָבעט אלץ מיט דער נאָדל אין דער זאָק־פּיאַטע, גלייך דאס געפרעגטע איז גאָרניט, גלאַט אזוי זיך, וויכטיק איז — זעליקל זאָל האבן פארטיק די זאָקן...

נאָך דער פעטער חיים האט ארויסגעהויבן דאס פנים פון איבער דעם ספר. ער'ט גאָרניט אויסגעוויזן צו זיין בייז אָדער פארחדושט: גלייך ער זאָל נאָך האבן געווארט אויף דער פראגע, גלייך ער האט שוין פון לאנג גרייט פאר איר א תשובה.

— די קשיה איז טאקע א קשיה... — האט ער געזאָגט. און א ברייטלעכער שמייכל, ארויסגעקוואָלן פון צווישן באָרד־און וואָנצעס, האט ווייך געמאכט די שטריכן פון זיין שטרענגן פנים. — הקיצור, וואָס זאָל איך מאריך זיין? — די מעשה איז גאנץ פשוט. ווי יעדע גוטע זאך, שטאמט אויך דאָס פון ר' אפרים'לען.

און, צוגייענדיק צום טיש, פון א שעכטעלע אין שופלאָד ארויסגענומען א קאָנווערט און פונעם קאָנווערט — בלעטלעך פון א העפט, באשריבן מיט געדיכטע, קליינינקע אותיות.

— דאָאָאָס איז פאר דיר ניט וויכטיק, — האט ער ארייינגעברומט אין די שורות, פירנדיק מיטן ווייז־פינגער איבער היפש פארשריבענע זייטלעך — דאס איז אויך ניט נויטיק, דאס דארפסטו ניט האָבן... דאָ! לייען — קענסט דאָך לשון קודש, — האָט ער זיך אָפּגעשטעלט מיטן פינגער און א קלאַפּ געטאָן שמחה'דיק איבער די שורות.

מ... מ... מ... — האָט חנה געבלאָנדזשעט מיטן בליק איבער דעם

שיינעם, ציכטיקן כתב, ארויספאַנגענדיק דערפון דאָס, וואָס דער פעטער חיים האט איר אָנגעוויזן מיטן פינגער.

...,,נאָר א בקשה האב איך צו דיר, אהובי ידידי, און הגם דו ביסט פון די שאַרפע, די ניט-פאַלגערס, האָף איך פונדעסטוועגן צו השם יתברך, אז וועסט מיר דאָך ניט אָפּזאָגן: למען השם, רודף ניט די חלוצים, ווייל, באמת — זיי בויען דאס לאַנד. אַי, וואָס מ'זאָגט, זיי זיינען מחלל שבת, איז גלויב מיר, חיים'ל, זיי זיינען אזוי פארטאָן אין בנין הארץ, אז ז'פארגעסן גאָר, ס'איז שבת אויף דער וועלט... טייערע יידן, זאָג איך דיר, פארמאָגן מער חסידישע התלהבות, ווי ניט איינער פון אונדז — מיר זאָל זיין, ידידי אהובי, פאר זייערע כשרע הענט!"

— געוויג, דאס ווייטערדיקע איז ווידער ניט וויכטיק! — האט ער געזאָגט, דער פעטער חיים, צונעמענדיק ביי איר דעם בריוו, און, אריינלייגנדיק אים צוריק אין קאָנווערט, מיט יראת הכבוד אוועקגעלייגט אויפן זעלבן אָרט, אין שופלאָד.

— — — בוי, באָ-בוי, באָ-בוי-בוי!... — זיין פנים האט געשטראַלט און דאס קול איז געווען פול מיט ניגונדיקער הדרה.

נאָכוואָס האט זי אנגעהויבן, חנה? — אָט קיצלט א פייכטקייט אירע אויגן און דער פעטער קען נאָך באמערקן...

נאָר באלד רייסט זעליקלס „פייפעלע" זיך אריין אין צימער:

— — — חנה-פאַנע ביסטו, נאָר עסן געבן מוזטו!...

און חנה, צופרידן פון זיין רעכטצייטיקן אריינקומען, נעמט זיך פאָרען ארום זיין וועטשערע. אין איר געמיט האַוועט נאָך דער אָפּשיין פון דער נייעס, וואָס זי וועט היינט אהיימברענגען דער חברותא.

— — — — — — — — —

ניטאָ שוין דאָס שטעטל.

ניטאָ די פעטער חיימס און מומע בריינעס מיט זייערע קינדערלעך. ניטאָ די שבתדיקע יידן מיט זייער שול און בית-המדרש, מיט די זלידנע דאגות פרנסה, מיטן אייביקן בטחון און גע׳עג נאָך עולם הבא, מיט די מחלוקתן לשם השמים.

ניטאָ אויך די חנה'לעך און צבי'עלעך מיט זייער בויען בריקן צו אנדערשדיקע מאָרגנס, — מיט הכשרה-פונקטן, מיט באזונדערע שטרעבונגען, טואונגען, ווונטשן און אייגענע דרכים.

א פינצטערע מאכט האט דערשטיקט אלע אמפערנישן און ויכוחים, צעריסן הארציקע בונדן, אויסגעלאָשן דעם פלאַם פון האָרא-טענץ

און פון רקודלעך ביים מחדש־זיין די לבנה אונטער גערוימיקע הימלען.

— — — און ר' אפרימ'ל?...

אפשר, זיינט ביי זיינט מיט די תושבים, זיינט ביי זיינט אויך מיט חנה'לעך און צבי'עלעך, די ווינציקע, על פי גם גערואטעוועטע פון אשיקן אפגרונט — שטייט ער איצט אויף ישראל'ס פעלדער און היט זיין עיר הקודש?...

---

# ביידע האָבן געוואַרט...

— איצט זיינען מיר געבליבן — „דיעד דאַ באַבאַ"... — האָט ער געזאָגט, מאַרעק ראָזמאַן, זיך איינבייסנדיק אין דעם ברויט מיט פּוטער.

און זי לילי, האָט בלויז געלאַכט — גאָרניט דערביי געמיינט. וואָס האָט זי דען געקענט מיינען, ווען זיי קענען זיך שוין בערך 13 יאָר און אַ יאָר־צענטליק דערפון האָבן זיי זאַלבעפערט געטראָטן די וועגן־שטעגן פונעם לעבן: ער, זיין פרוי, זי און איר מאַן, ד"ר נאַטאַן וויינבערג.

אפילו אין די ביטערע מלחמה־יאָרן, גלייך נאָכדעם, ווי זיי האָבן באַוויזן איינצואָרדנען זייערע צוויי קינדערלעך אין אַ קלויסטער, איז זיי אויך באַשערט געווען פאַרפאַקט צו ווערן אין איין פּי־וואַגאָן און צוזאַמען צו לאַנדן אין אַ קאַצעט. ס'הייסט — איינגנטלעך, אין צוויי קאַצעטן, מענער און פרויען באַזונדער; אָבער בשכנות — אַזוי נאָענט, אַז יעדן טאָג, ווען לילי און בעלאַ פלעגן אין אַ באַשטימטן אָרט אויסקשטעלן זיך, ניט ווייט פון דער דראָט־פאַרצוימונג, האָבן זיי אין קעגנאיבערדיקן לאַגער געקענט זען צוויי מענער־געשטאַלטן, דאָס איינציקע, וואָס מ'האָט נאָך פאַרמאָגט אין דער רגע, צוגלייך מיט אַ פינצטערער אנונג, אַז מ'קען עס יעדן אויגנבליק פאַרלירן.

אַזוי האָט מען זיך אָנגעקוקט בגנבה דורך דער דראָט־פאַרצוימונג און אין די געליבטע פּנימער געזען זיך, ווי אין אַ שפּיגל: אָפּ־

געמאָנערטע, צעמזיקטע, פארשוואָלענע פון קלעפּ און פון הונגער, האלב=
באקעט אין די צעפליקטע „פּאַסיאַקעס" — געשפּענסטער, צו מענטשן
קוים ענלעכע... אבער מ'שטייט נאך אויף די פיס, מ'ציילט זיך אָפּ זאל=
בעפערט — מ'לעבט...

האט מען זיך באמיט אוועקצורייסן פון מויל א פּענעץ ברויט,
„אָרגאַניזירן" ערגעץ=ווו א האלב = פארפוילטן קאַרטאָפל, א ציבעלע,
א מערל, אבי צו דערהאלטן ביי די גאענטסטע דאס חיות. דאס איז ניט
שטענדיק געווען פון די לייכטע זאכן, אָפטמאָל פארבונדן מיט סכנת=
נפשות, נאָר זיי האבן אלע פיר עקשנותדיק אויסגענוצט די קלענסטע
מעגלעכקייט פון ארויסהעלפן איינער דעם צווייטן.

אזוי איז עס געווען צווישן זיי — ביז יענעם גרויסן אומגליק,
וואָס האט זיי געטראפן ערב דער באפרייונג:

ווען די ס.ס. = לייט, דערשנאַפּנדיק די מפּלה, זיינען פּלוצים נעלם
געווארן, איבערלאָזנדיק די פּראָוויאַנט = מאגאזינען אויף בארַאָט פון קאַ=
צעטלער, און זיי, די לעבעדיקע מתים, האבן זיך א נעם געטאָן צו דער
אכילה, איז די תמיד צוריקגעהאלטענע בעלאַ געווען גראָד צווישן די, וואָס
האבן זיך ניט געלאזט איינעמען פון די מיושבדיקע. וויפל זי, לילי,
האט ניט געזאָלט בעטן און וואָרענען איר פריינדן, זי זאל זיך אליין
ניט אומברענגען און אפילו געאמפערט זיך מיט איר, האט עס אבער
ניט געהאלפן: בעלאַ איז נאך אלץ געווען די שטארקערע, אָפּגעטרייסלט
איר פון זיך, ווי א הינטל, צוגעכאפּט זיך צו דער קאָנסערווירטער מילך,
צו די פליישן, און... באצאָלט דערפאר מיטן לעבן — סאמע אין טאָג
פון דער באפרייונג.

דעמאלט האט מאַרעק אין זיין וויסטן צער פארשלאסן דאס הארץ,
צום ערשטן מאָל זייט זייער באקאנטשאפט ניט צולאזנדיק צו זיך זיינע
גאָענטע, איינציקע פריינט.

אין די צימערן, וואָס מ'האט זיי, נאָך דער באפרייונג, צוגעטיילט
אין דייטשע וווינונגען, — אויף מאַרעקס ביטע, אין צוויי באזונדערע
רוימען — זיינען זיי, אין שטומען, הילפלאָזן וויי, פאר'אָבל'טע, געבליבן
זיצן אין די אָוונטן, בעת אינדרויסן האט געיובלט דאס באפרייטע לעבן.

דעם בליק איינגעגראבן אין קעגנאיבערדיקן פענצטער, האבן זיי
געזען, די וויינבערגס: אויף דער אראָפּגעלאָזענער שטאָרע — נאכט=
אויס, נאכט = איין — הוידעט זיך מאַרעקס שאָטן. שפּאַנט הין = און = צוריק
איבערן צימער, — אין הארץ, אזוי פריש, די דערינערונג פון זיין ליב=

סטער... שפאנט א מענטש, די תמיד גלייך־געשטרעקטע פלייצע פארונ־דיקט, צוזאמען מיטן קאָפּ פאָרנטצו געבויגן, ווי א פערד אונטער א צו שווערן יאָך און ווייס אליין ניט דעם זין פון זיין שפאנען...

ביז אין איינעם אן אָוונט, האלב־משוגע פון זיין שפאנען, האבן די וויינבערגס, ניט רעכענענדיק זיך מיט מארעקס פאַרבאַט, ארייג־געדרונגען אין זיין פרייוויליקער תפיסה און מיט דער ווארעמקייט פון זייער פריינטשאפט צעשמאָלצן די באריערע ארום זיין הארץ, וואָס ער האט אזוי עקשנותדיק געבויט אין די טעג — אנטקעגן יעדן געפיל.

אזוי האבן זיי אים צוריקגעבראכט אינעם לעבן און ער איז ווי־דער געווען זייערער, ווי אין די פארגאנגענע, פארהעלטניסמעסיק גליק־לעכע צייטן, ווען זיי זיינען נאָך געווען זאלבעפערט...

דערנאָך זיינען זיי אוועק אין פוילן, אָפּגעפונען זייערע קינדער, און, צוריקומענדיק אין דייטשלאנד, באזעצט זיך אין א לאגער, מיט דער אויסזיכט צו פאָרן אין ארץ־ישראל. מער האבן זיי זיך ניט געשיידט.

די מענער האבן באקומען ארבעט און אזוי איז מען איינציק־ווייז ארויין אין לאגער־לעבן, ווי אין א געבארגטן מלבוש, וואס מ׳מוז דערוויל טראגן, ווייל מ׳האט נאך ניט קיין אייגנס.

נאָך דער ארבעט פלעגט ער, מארעק, איילן צו די וויינבערגס, וווּ זיין טאָכטער איז געוואקסן אונטער לילי׳ס אויפזיכט. ביי זיי פלעגט ער עסן, מיט זיי פארברענגען, גיין אין קינאָ און נאָר צום שלאָפן אהיימגיין אין זיין ווווינונג.

איז וואס האט זי דען געקענט מיינען, לילי, די פרוי פונעם זייער טיכטיקן דאָקטאָר, ווען זי איז ניט צום ערשטן מאָל געגאנגען שפאצירן, אדער געפלוידערט מיט מארעקן, בעת איר מאן איז געבליבן אין שפיטאל אויף נאכט־דינסט?... גאָרניט. אויסגעהערט דעם: „דיעד דאַ באבא”, ווי א וויץ — און פארגעסן דאס געזאגטע.

זיי האבן מיט פארגעניגן פארצוקט דאס אָוונט־ברויט און הנאה געהאט פון דעם דורכזיכטיקן, קאלטן ראַבאַרבאַר־געטראנק, וואס האט געווירקט אזוי מחיה׳דיק ־ אָפּקילנדיק אין דער חמימה.

דערנאך האט ער געהאלפן וואשן דאס געשיר, ווייל לילקע האט תמיד גערן געהאט אפצופטרן וואס גיכער די ארבעט.

דאס וואסער האט פריילעך געברייזגעט פונעם קראַן, צעברעק־

לענדיק זיך אויפֿן אונטערגעשטעלטן געשיר אין צענטליקער נעבנביי=
איקע, דין=דינע קלאַנגען.
זיי האבן געוואשן, געווישט, אויסגעסדרט אינעם קליינעם שרענקל
די שטיקלעך פֿאַרצעלייענע אומבאשטענדיקייט, ניט אויפֿהערנדיק דער=
ביי צו פּלוידערן.
ווען וואָס האבן זיי ניט געפּלוידערט? וועגן די קינדער, וואס
פֿארברענגען אין א זומער=לאגער זייערע פֿעריען, וועגן זיין טאָכטער,
וואָס איז שוין גרויס און אזא בעל=שכל, אז זי קען אכטונג געבן אויף
לילים אכט=יאריקן ווילדלינג, וועגן נאטאנס אנצוג, וואס דארף אוועק=
געטראָגן ווערן צום שניידער צום פֿאריכטן, וועגן דעם זומער=קליידל,
וואס זי האט היינט באקומען פֿון „איירא‟, און אפילו וועגן מארעקס עמלק׳שער
דינסט=פֿרוי, וואס טראגט א בייז הארץ אויף איר ארבעטס=געבער,
הלמאי ער באנעמט זיך צו איר גאָרניט, ווי א מאַן...
אָפּגעטאן די ארבעט, זיינען זיי א ווײַלע געשטאנען ביים פֿענצ=
טער, אָנקוועלנדיק בעת מעשה פֿון דער זון, וואָס האָט שוין גענומען
טיקן זיך אין רויטקייט. ער, א הויכער, ברייטפּלייציקער, מיט קארגע
גרויע האר=פֿעדים אין די טונקעלע שלייפֿן=ווינקלען; זי — א צע=
שמייכלטער ליכט=שטרייף, א שטיק שלאנקע בלאָנדקייט, אומדענקבאר
יינג פֿאר אירע 36 יאר.
אזא גזע ביי זיי, א מין משפּחה=טבע — ווייניק זיך צו עלטערן.
אַז לילי פּלעגט אין די פֿאַר׳מלחמה׳דיקע צייטן גיין אין גאַס זאַלבעדריט
מיט איר מוטער און באָבע, פּלעגט ניט איינער האבן א טעות, אננעמענדיק
די ערשטע אלס איר שוועסטער, די אנדערע — אלס מוטער. און אזוי,
פֿארהעלטניסמעסיק צו די יארן נאך אלץ יינגע אין אויסזען, זיינען מאמע=
באָבע אין קרעמאַטאָריעם איינגעווייכן פֿארוואנדלט געווארן אין אַש...
זי האט ארויסגענומען דאס קליידל פֿון דער וואליזע. איינגע=
בויגן איבער דער פֿארביקער בלומיקייט, האבן זיי באטאפּט דעם דינעם
שטאָף און נאָכגעפֿארשט זיין וואש=עכטקייט. דאס געוועב האט מיט
זיידענעם שאָרך געכוואליעט צווישן זייערע פֿינגער און פּלוצים איז גע=
שען עפּעס זייער מערקווירדיקס: ביידנס הענט האבן זיך פֿארטשעפּעט —
אויף א ברוך=טייל פֿון א רגע — און באלד אָפּגעשפּרונגען פֿונ=
אנאנדער...
זי איז געווארן אומרואיק.
— וואָסזשע? — האט זי א טראכט געטאָן, מוסרנדיק זיך פֿאר

דער לעבערלעבער עמפינדלעכקייט — צי האט ער דען קיינמאל פאר די יארן פון זייער באקאנטשאפט ניט באריר֞ט איר האנט?...

זי האט עס זיך געפרוווט דערמאָנען און בשום אופן ניט גע־קענט. צופיל באפריינדעט געווען, צו שטארק געבונדן מיט דער געוווינ־הייט, זי זאל אמאל לייגן אכט דערויף. טאָ וואָס עפעס פלוצים איצ־טער?...

און באלד אוועקגעמאכט עס אין זיך מיט דער האנט.

— הלמאי ס'דערוועקט זיך אמאָל אין א מענטשן אן אומפאר־שטענדלעכער אימפולס? ס'לוינט ניט צו טראכטן דערוועגן.

ער האט צוגעלייגט דאס קליידל צו אירע אקסל, ווי ער פלעגט עס ניט איינמאל טאָן מיט א ניי־באקומענעם מלבוש.

— דער קאַראָ־דעקאָלט וועט זיך זייער גוט פּאַסן צו דיין שלאנקן האלדז — האט ער „זאכלעך" באמערקט און א פיר געטאָן מיט דער האנט איבער דער העלער צארטקייט, וואס האט, דוכט זיך, ווי אלעמאל, אומשולדיק־נאקעט געשפרייט זיך פאר זיין בליק און דאָך אינעם איצטיקן אויגנבליק אומגעריכט, ניט צו וויסן, פארוואָס — אזוי פארפירעריש א בלאַנק געטאָן אין דער גאָלדיקער ראָזקייט פון פאר־גייענדיקן טאָג און א ריס געטאָן זיין האנט איר צו באַרירן.

דאס האט געדויערט ניט מער, ווי א רגע, נאר וואָס וואָלט לילי ניט געגעבן, בכדי צו וויסן, ווי אזוי זי האט זיך פארהאלטן אין דער רגע!...

צי האָט זי, שעמעוודיק א צעטומלטע, א בויג געטאָן איר האלדז אויף צוריק, בכדי צו פארמיידן די אומבאגרייפלעכע באַרירונג פון מע־נערשע פינגער?... אָדער האט גאָר איר האלדז א ציי־געטאָן זיך צו דער האנט און א ווייַלע פארשטיינערט געוואָרן אונטער דער אומגעריכטער לאסקע?...

ניין, זיין האנט־באוועגונג איז לגמרי ניט געווען באדינגט פון די ארויסגעזאגטע ווערטער, פארקערט — די ווערטער האבן זיך אויף גיך אָפּגעפונען, בכדי צו דערמעגלעכן די דאזיקע קליינע באוועגונג, וואָס האָט אריינגעבראכט אזא אומרואיקייט אין איר געמיט...

— באריש... — האט זי געמיינט און גענומען גיך־גיך צונויפ־לייגן דאס קליידל: צו פארטרייבן דעם אומרו, וואס האט פלוצים א פלייץ געטאָן אין אירע געבליטן? אדער — בכדי צו פארהוילן דאס אומגעוויינלעכע, וואס גייט אויף אין איר פאר דעם מאנסביל, וואס האט

מיטאמאל באקומען א נײַ פנים, א סך פנימער, אײנס סודותדיקער פו־נעם אנדערן...

— א גאנדז, א נארישע, בין איך, — האט זי געפרווט אויס־געפינען אין זיך די גלײַכגעוויכט פון אלע אירע יארן, וואס האבן זיך געהויפנט אויפן שוועל פון איר זיבנאונדרײַסיקסטן לעבנס־יאר...—און ער — וואָס איז אים פלוצים אײַנגעפאלן, דעם מייוול?...

האט דאָך איר גאטאן אים לעצטנס ניט אײַנמאל געמוסרט:

— „צו אלדי אָפערירטע מאַגנס! ס'ווערט פשוט דערעסן צו זען, ווי דו פראוועסט דעם למד־וואָווניק! און באמת, וואס מײנסטו מיט זיך? האב חתונה מיט עפעס א לײַטישער פרוי — ווי לאַנג איז דער שיעור צו לעבן, ווי א פרוש?... און ווילסטו ניט חתונה האבן — דײַן זאַך! נאָר, צו אַלדי גאַנגרענעס, — לעב, ווי אלע מענער אויף אונדזער פלאנעטע!... א למד־וואָווניק גאָר, אויף מײַנע שונאימס קעפ! דאס פאסט פאר מײַן לילקען. זי, זעסטו, איז עפעס אנדערש: א פרוי — לויטער רוחניות... און, אויסער דעם — זי האט דאָך מיך, קען זי זיך דערלויבן, צום מייוול!...

און ער, — גאָרניט. געשוויגן, געשמייכלט פארלעגן, ווי א קינד, וואס האט זיך פארשולדיקט. טײלמאל פלעגט ער מאכן א וויץ פון דעם אלעם. נאָר געבליבן איז ער בײַ ס'זײַניקע.

און איצט — וואס איז עס פלוצים ארײַן אין אים?...

ער איז געזעסן נעבן איר אויפן פעלד־בעטל. האט אויסגעזען צו זײַן פארווירט; און אפשר דוכט זיך איר בלויז?...

זי האט זיך אויפגעשטעלט און גענומען זיך פאַרען אינעם צי־מער: אראָפּגענומען דאס געשטריקטע טישטוכל פונעם קלײנעם טישל און ארויפגעלײגט עס צוריק, געביטן דאס וואסער אינעם בלומען־וואַ־זאָן, הגם זי האט דאס געטאָן ערשט בערך מיט א שעה צוריק, — דערלײדיקט א מעננע קלײנע, אומנויטיקע זאכן, וואס האבן געזאלט איר ארויסהעלפן, בארואיקן איר געמיט.

זי האט געעפנט א רענצל און ארויסגענומען פון דארט א מין ראָז פלאַטערל, וואס נאר פרויען קענען אזא זאך אנרופן נאז־טיכל. דאס דאזיקע ברעקעלע פארקוועטשט אין דער האנט, האט זי זיך ווי־דער געזעצט נעבן אים — מיט באהאלטענע בליקן געפאָרשט אים פון א זײַט: צי האט ער ניט אמאָל באמערקט איר פארלעגנהייט?...

זי האט גארניט געקענט דערגיין: דאס פּנים — אויסערלעך רו־
איק. בלויז דאס שווייגן, וואס דויערט שוין אביסל צו לאַנג און דער שטי־
לער טרויער, וואס האט, ווי א דינער פאָרהאנג, פארצויגן זיין בליק...

ניין. דאס דוכט זיך איר ווידער עפּעס אוים. קען זיין, ער איז גארניט אויסן, — אים פאלט גארניט איין אפילו...

דאָס איז גוט; — האט זי געמיינט — ווייל ווען ער זאָל עפּעס אַנען דערפון, וואס עס ווילט אונטער דער אויבערפלאך פון איר הויט און טיפער, וואָלט זי בארארפן אויסגיין פאר חרפּה...

גוט? פארוואס עפּעס גוט?... — און פּלוצים האט זי גאָר גע־
וואלט, ער זאל ניט זיצן אזוי־אָ רואיק נעבן איר, בעת אין איר גייט אויף אן אויסטערלישער ציטער און פארוואנדלט איר לייב אין א פייער־
זייל, וואס ציט זיך — דווקא צו אים, צו מארעקן...

טאָ וואָסזשע זיצט ער טאקע אזוי רואיק אויף דעם בעטל, אויב אין א טאָג, אין א שעה און אפשר גאָר אין א רגע וועט בלייבן פון זיי א באַרג אַש — גאָכדעם, ווי דאס פייער וועט ביידן פארצערן?...

דאם איז עס אלזאָ — דער יצר הרע, די זינד, וואס האט טויזנט געשטאלטן און פאר איר נאר די איינע: מארעקס ברייטפּלייציקייט...

אבער וויאזוי, וויאזוי איז דאס געשען?...

קומט אריין טאָג־טעגלעך א מענטש. ווערט צו א געוווינהייט. עפּעס גאַנץ אומפערזענלעכס: א מעבל־שטיק, א בלומען־וואַזאָן — נו, געווים — עפּעס מער: א הארציקער פריינט; אבער אויף קיין פאל ניט קיין מאן, וואס דערוועקט באַשטימטע געפילן...

יאָ, וועגן אזעלכעס האט זי געלייענט אין ביכער, ענלעכס פלעגט מען איר פארטרויען.

נאָר זי, לילי, א פרוי פון א מאן, שוין צוועלף יאר גליקלעך פארהייראט — האט געמיינט צו לעבן אנדערש.

איז דען דאס, וואס זי פילט איצט, — ניט ערלעך? ניט שיין?... אזוי הייסט דאס אייגנטלעך ביי לייטן...

ביי לייטן... וואס גייען איר אייגנטלעך אָן די „לייט"? פון ווען אָן מעסט זי עס געשעענישן און געפילן מיט זייער מאסשטאב?

רואיק... רואיק... נאר ניט געבן צו דערקענען... גאָט! וואָס וועט ער זיך טראַכטן?...

זי האט זיך אויפגעשטעלט, געוואלט אָפּוואשן די פארפלאמט־
קייט פונעם פּנים. דער דורכגאנג צווישן ביידע בעטלעך איז טאקע גע־

ווען שמאָל, אָבער, צי האָט ער דען געמוזט זיך אויפשטעלן, בכדי איר דורכצולאזן? זיין יעדע באוועגונג האט איר איצט אויפסניי צעטומלט...

א ווײלע האט זי געאנט גיכער, ווי דערפילט, די וועלבונג פון זיין האנט־פלאך איבער איר אקסל. א צופעליקע, אדער בכיוונה'דיקע צערטלעכקייט?... א מין שטאפעטע, א טויב, געשיקט פון זיין נשמה צו איר? צו שטילן איר אומגעריכטע בענקשאפט — אדער צעבלאָזן איר אין א פייער, וואָס וועט, וואָס מוז זיי שוין איצט, אינעם דאָזיקן אויגנבליק, פארצערן?...

א ווײלע האט די האנט, א שטילע טויב, געוואָרקעט איבער איר אקסל. צופעליק? בכיוונדיק?...

אלץ איינס! בלייב אזוי — מיט דער האנט אויף מיין אקסל — האט געבעטן איר בליק — בלייב נאך איין רגע!...

נאר אין אירע פלוצים פארטרויערטע אויגן האט ער גאָר געלייענט אַ פאָרוווּרף:

— אָט שטיי איך פאר דיר שוצלאָז: דו ווייסט — אויב וועסט וועלן, וועל איך זיין דיינע. נאר פארוואָס זאלסטו מיסברויכן מיט מיין פריינטשאפט?...

און זיין האנט האט זיך צוריקגעצויגן, א פארשולדיקטע, גלייך זי וואָלט אָפגעטאָן אן עבירה.

דערנאך זיינען זיי געזעסן איינס אנטקעגן דעם אנדערן, בלעטערנדיק א בוך — יעדעס פאר זיך, באזונדער. ווי קינדער, וואס ווילן בשום אופן ניט אויסגעבן זיך מיט זייערע געפילן...

אָט זיצן זיי — און ס'אַרט ניט א האָר: זיי לייענען גאָר א בוך. נאָר פארגעסן בעת מעשה, אז די אָוונט־דעמערונג האט אינגאנצן איינגעהילט אין טונקלקייט דאס צימער און פארווישט די אותיות...

אין איין האנט דאס בוך, אין דער אנדערער — פעסט, כמעט קראמפהאפט, האט לילי פארקוועטשט דאס ראָזע נאָז־טיכל, ווי א קמיע, וואס דאַרף איר אָפּהיטן, זי זאָל זיך ניט א צי טאָן, די דלאָניע, צו דעם שווייגנדיקן מענטש, וואס האט פלוצים, — דער טייוול ווייס, ווי אזוי — אנטפלעקט זיך פאר איר, ווי א מאנספיל...

ווייס זי וואס?... אויב זי זאל איר ניט איינהאלטן מיט קראפט, די האנט, קען זי זיי ביידן אָפּטאָן א שפיצל און נעמען גאָר גלעטן מאָרעקס פנים, אקסל און די קוים־פארגרויטע שלייפן...

ווי אזוי גלעט מען עס א פרעמדן אקסל מיט אזא כוונה, ווי

אירע?... און ווי פילט מען דעמאלט? איז מען טאקע גליקלעך, אדער שוין אין דער זעלבער רגע האט מען דערויף חרטה?...

האלב־דערשראקן, מיט געמישטע געפילן פון פארגעניגן און כעס, האט זי זיך איינגעהערט ווי ס'שטייגט אויף אין איר די בייגי־ריקייט און שליסט זיך אן אין דעם מעכטיקן שטראם, וואס וויל איר פארפלייצן...

קען זיין, אז זי זאל אויך ווערן איינע פון די, וואס „פאראטן" זייערע ליבסטע? ניין. דאס, אלנפאלס, ניט. זי וועט זיכער דערציילן נא־טאנען, וואס פארא שגעון ס'איז איר איצטער באפאלן. ניטא דאך קיין פארהוילנס צווישן זיי ביידן. ער דערציילט איר שטענדיק זיינע קליינע ליבעלייען — און זי נעמט זיי אויף מיט א דינעם, פארבארגענעם ווייטיק, נאר ניט אן פארשטענדעניש, ווי מ'נעמט אויף די שטיפערייען פון א קינד, וואס זיינען טאקע פריקרע, אבער פארגעבלעך.

און איבריקנס — דעם היינטיקן אוונט האט זי זיך אויסגעגלייכט מיט נאטאנען — קוים אין דער מחשבה...

א שארפער ווייטיק האט, ווי א בליץ, דורכגעריסן איר לייב.

האט זי פלוצים דערפילט, אז די סטעזשקע פון בלויזער מחשבה איז איצט אזוי שמאל, און ס'האלט זיך קוים אויף איר דער פוס?... אדער איז עס נאר געווען א טייל פון דעם שטורעם, וואס בו־שעוועט אין איר מיט אזא אומבאגרייפלעכער, באצווינגנדיקער קראפט און וויל ניט וויסן פון קיין אפהאלט...

זיי האבן מער ניט געבלעטערט דאס בוך. אבער אויך ניט אפגע־ריסן די בליקן פון דער פארשוואומענער אותיות־געדיכטעניש, ווי דאס זאל נאך אלץ מיינען:

און דאך, לייענען מיר — אויף להכעיס דעם געוויטער, וואס אין אונדז!

איינגעבויגן איבער דער ווייסער בלעטערדיקייט, גלייך דאס זאל נאך זיין די לעצטע רעטונג, אדער שטערונג:

— שטילער, שטילער... — האט זי געפרוווט איינעמען איר ווילד־קלאפנדיק הארץ. — באלד וועט, באלד מוז דאך עפעס געשען! באלד וועט ער אפשר א גלעט טאן אירע האר, וועמענס בלאנדע גלאנ־ציקייט ער האט אפט, אן שום זייטיקער כוונה, באוואונדערט...

רואיק, רואיק... — האט ער געמיינט, איינעמענדיק דאס דראבנע ציטערן פון זיינע פינגער.

ס'איז אים געווען א חדוש, וואס גראָד היינט האט דאס בילד אויפגעטויכט פון די טיפענישן, — מיט אויפסניי בולט־געוואָרענע פארבן און ליניעס, ווי א רצועה, געוויקלט זיך ארום דער נשמה און ניט געוואלט זיך אויפלייזן אין דמיון:

צוויי פרויען־געשטאלטן הינטער דראָט־פארצוימונג, צו מענטשן קוים ענלעכע — דאס איינציקע, וואס האט געפרייט און געשניטן דאס הארץ אין דער גהינומדיקער וועלט.

איינע — האט די ערד פארשלאסן אין איר פינצטערער טראכט — קיינמאל איר ניט אומצוקערן...

די אנדערע — א לעבעדיקער ליכט־פלעק אין דער האלב־פינצטערניש פון זומערדיקן אָוונט, רייסט אויף זיין איינזאמקייט, ווי א וווּנד, אליין ניט וויסנדיק דערפון אפילו...

און אפשר וויים זי גאָר?... קען ניט זיין, זי זאל עס נאָך אלץ ניט באמערקן...

רואיק, רואיק... באלד וועט זי מסתמא געבן עפעס א צייכן, אז ער מעג קושן איר מויל: מיט א האנט־באוועגונג, מיט א בליק, מיט א זיפץ... ניין, דאס איז ניט אזוי פשוט: ס'איז דאָך לילי, די פרוי פון זיין פריינט...

זיי זיינען איצט געזעסן אנטקעגן זיך, אזוי נאענט, אז ביידנס קני האבן זיך כמעט באגעגנט.

— מאכסט קאַליע די אויגן, לייג אוועק דאס בוך... — האט איר קול, ווי א געוויין, דורכגעריסן די שטומעניש צווישן זיי.

— און דו?... — האט ער געפרעגט — און ס'איז געווען, ווי א קוש.

איצט מוז זי אנטלויפן, — האט אויסגעהאמערט אין איר דאס הארץ — איצט האט ער אלץ פארשטאנען...

— נו, איצט וועל איך שוין גיין, — האט ער געזאגט, אוועקלייגנדיק דאס בוך.

— אזוי פרי?... — איז זי געווען אנטוישט, נאר האט גאָרניט געזאגט.

כ'האב נעכטן ביז שפעט געלייענט — האט ער צוגעגעבן א ניטגעפרעגטער, פארשנדיק אין דער האלב־טונקלקייט איר בליק.

ביי לילי'ן האט א קליין קנייטעכל אוועקגעשטעלט זיך סאמע אין האלדז און אין אויג האָט א ברי־געטאָן די פייכטקייט.

נאָר אים האט גאָר אויסגעוויזן, אז זי איז בייז. איר שווייגנדיק אָפּוואַרטנדיקע געשטאַלט האָט געשריִען צו זאָגן:

— שוין לאַנג באַדאַרפן גיין!...

און דער טרערן־פאַרצויגענער בליק איז אין דער אַוונט־גרויקייט געבליבן אינגאַנצן פאַרהוילן פון זיין אויפמערקזאַמקייט.

— — — — — —

א פאַרשטאַרטע איז לילי געבליבן זיצן אויף איר אָרט, נאָכדעם, ווי ס'האָבן לאַנג שוין פאַרהילכט זיינע טריט אויף די טרעפּ.

פּלוצים האָט זי גאָר גענומען זינגען עפּעס א פרייליכער ליד, גלייך זי זאָל וועלן דערמיט פאַרשרייען איר געמיט. נאָר דאָס האָט אויף א האָר ניט איינגעשטילט דאָס געוויטער, וואָס, איינגעטאָקעט דעם אָטעם, האָט עס געוואָרט אַלץ אין איר אויף א תיקון.

איבערגעריסן אינמיטן דאָס ליד, האָט זי זיך צוגעזעצט בייִם אָפענעם פענצטער און איינגעגראָבן דעם בליק אין דער מויער, וואָס אַנטקעגן:

דאָרט, הינטער א פענצטער, אָפּגעצוימט פון איר מיט דער אַראָפּגעלאָזענער שטאָרע — גלייך, ער דאַרף איר ניט, גלייך, זי באַדייט פאַר אים גאָרניט — געפינט זיך דער מאַן, וואָס האָט היינט איבערגעקערט אין איר א וועלט מיט אַנוּנגען.

אין האַלדז האָבן נאָך אַלץ געשטיקט ניט־אויסגעוויינטע טרערן...

— — — זאָל זיין, אז ער האָט טאַקע גאָרניט געמיינט מיט זיין האַלטונג, וואָס האָט איר אויסגעוויזן צו זיין עטוואָס אַנדערש, ווי תמיד?...

זאָל זיין, אז דאָס איז געווען א טעות פון איר זייט בלויז און ניט מער — א טעות, פאַר וועלכן זי אַליין דאַרף איצט צאָלן: מיט טיאַכקען פון איר האַרץ, ווי אַן איבערגעשפּאַנטער זייגער, מיט בענקשאַפט פון ליבע, מיטן קלעם פון ניט־אויסגעוויינטע טרערן?...

ווי אַן אַראָפּגעלאָזן אויגן־לעדל, פלאַטערט די שטאָרע אין קעגנאיבערדיקן פענצטער און ווייזט אויף זיך דעם שאָטן פון א געשטאַלט, וואָס שפּאַנט הין־און־צוריק איבערן צימער.

ווען האָט זי דאָס געזען ביי אים אַזאַ שפּאַנען?

יא, דאָס איז געווען דעמאָלט, מיט דריי יאָר צוריק, ווען ס'האָט געטראָפן דאָס אומגליק מיט בעלאַ'ן...

איז ער איצט ווידער אומגליקלעך? פלאָגט אים די איינ־זאמקייט?...

קען דאָך זיין, זי האט גאָר א טעות אינעם איצטיקן חשבון: בענקט ער אפשר טאקע צו איר, צו לילי׳ן?...

אַך, נאָכוואָס די חשבונות? אַלץ וואָלט געקענט זיין אזוי פשוט און קלאָר — און גוט...

פארוואס האט ער, אנשטאט אװעקצוגיין, ניט גענומען איר האנט אין זיינע?... זי וואָלט אים דעמאָלט אנטקעגנגעטראָגן אירע ליפּן און ער וואָלט ניט געמוזט, אז איינזאמער, שפּאנען איצט איבער זיין צימער...

און אפשר?... אפשר וועט ער נאך קומען?...

פּלוצים וועט ער שטיין פאר איר אינעם לבנה־באלויכטענעם צימער און קושן איר האלדז, וואס ער האט פריער געזוכט צו באַרירן מיט די פינגער...

אָדער — ער וועט גאָר אריינקומען און, זוכנדיק אירע אויגן, וועט ער אויספליסטערן:

— — — לילי?... — און ס׳וועט קלינגען, ווי א פראגע.

נאר זי וועט, א גליקלעכע, זינקען אין זיין אָרעם און דאס וועט זיין דער ענטפער...

ניין. ניט אזוי וועט עס זיין.

ער׳ט אריינקומען א פארווירטער. גארניט זאָגן. גארניט פרעגן. ער וועט איר א כאפּ טאָן אויף די הענט און אוועקטראגן פונעם פענצ־טער. זי זאל ניט זיצן דאָ אן איינזאמע און זיך אויסקוקן די אויגן אויפן קענגנאיבערדיקן מויער... אזוי וועט עס זיין מסתמא...

— — — יענע נאכט איז איר הארץ געווען אָפן פאר מאַרעק׳ן.

נאָר ע ר — איז ניט געקומען...

— — — — — — — — —

ווען זי זאל וויסן, לילי!?... — האט ער געטראכט, שפרייזנדיק אויף־און־אָפּ אין זיין צימער. און די ביטערניש פון אלע איינזאמע יאָרן האט, ווי א וואָרעם, געגנאָיעט אין זיין הארצן. — ווען זי זאל וויסן, אז ער האט געמוזט אוועקגיין, ווייל נאך א מינוט און ס׳וואלט אים באזיגט די בענקשאפט איר איינצושליסן אין די אָרעמס!...

— — — צוויי פרויען אין זיין דמיון.

צוויי פרויען הינטער שטעכל־דראָט־פארצוימונג.

ביידע — אומשיידבאר, אייגן.

בעלאַ... לילי...

נאך טויטע קען מען בלויז טרויערן, צו לעבעדיקע בענקט מען — — —

און ס'איז אים געווען באַנג און טרויעריק...

אַט זינגט זי איצט אזא פריילעכע מעלאָדיע. חוזקט זי ניט אמאל פון אים?...

דאָך — זי האט אויך אויסגעזען צו זיין פארווירט און גלייך מיט אים געלייענט דאס בוך אינדערפיגצטער. — זאל ער האבן געהאט א טעות?...

ער האט פאַרקוועטש די אויגן־לעדלעך מיט די פינגער, ווי ער זאל וועלן אפטיילן פון זיין בליק די געשטאלט, וואס האט אין זיין איצטיקן, אומפארהאָפטן געמיט־צושטאנד ניט געהאט פאר אים אירם גלייכן...

אפשר זאָל ער גאָר צו איר ארייגלויפן? אפשר וויגט איר אויך דער שטורעם אויף דער זעלבער כוואליע?...

ניין, דאס וועט ער מסתמא ניט קענען, ווייל ס'איז ניט סתם א פרוי. דאס איז לילקע און ער וויל ניט פארלירן איר פריינטשאפט. אויב זי האט פארשטאנען זיין בענקשאפט, אויב דאס האט אין איר אויך אנגערירט עפעס א סטרונע, וועט זי אים געבן א צייכן, וועט צו אים אליין אפשר קומען... פארוואָס ניט? זי איז אויפריכטיק, ווי א קינד און האט ניט קיין פאראורטיילן...

זי וועט ארייגלויפן אין זיין צימער, וועט עס צעהעלן מיט איר בלאָנדקייט.

— איך וויל ניט, דו זאלסט זיין טרויעריק... — וועט זי זאגן פארלעגן.

זי וועט מסתמא וויינען. נאר אונטערטראגן אים די ליפן וועט זי שוין פאראייגוועגם און ער וועט א גליקלעכער נעמען איר ליבע...

— — — יענע נאכט האָט ער געווארט אויף לילי'ן, — נאָר ז י איז ניט געקומען...

# הערשעלע

מיין קלייגער פריינט פאלט אריין צו מיר (שוין צום דריטן מאָל במשך פון היינטיקן טאָג) מיט א שפּאָגל־נייעם פּזמון:

— ווייסט? איך קען שוין דייטש: פערפלוכטער יודע, שמוציקער יודע, יודע ראַוס!...

זיין מויל שמייכלט, אָבער די אויגן, טיף־טיף בלויע, טונקעלער, דוכט זיך, ווי תמיד, קענען שוין דעם טרויער פון דערוואקסענע... א ווייַלע קוקט ער מיך אָן — שטום, שטום... אין תהום פון זיין שווייגן לייען איך א מין פינצטערע אנונג.

און מיטאמאָל פלאצט זי, די שווייגעניש, ווי א גלעזערנע כלי, און צעבריזגעט זיך מיט ביטערניש פון קורצע רייד:

וואס וועט זיין? — פרעגט ער; און דורות־ווײ, פארגאנגענער און קינפטיקער, ריזלט אינעם שווארצאַפּל פון זיין אויג.

די פראגע האט זיך האסטיק אָפּגעריסן פון הערשעלעס ליפּן, ווי א צווייגל פון א בויגעוודיקער בעריאָזקע, וואס דער שטורעם פליקט פלוצלונג אָפּ. זיך אָפּגעריסן, א ווײַלע געבליבן הענגען אינעם חלל פון צימער, פאריאגט א זון־פלעק פון דער וואנט און געפאלן צו מיינע פיס, ווי א מאסע, וועלכע איך בין ניט אומשטאנד צו באזייטיקן פון מיין וועג.

— קינד... — צי האָב איך ארויסגעזאָגט דאס צאַרטע

וואָרט, אדער איז עס בלויז געווען אין מיין נשמה, ווי א שטיק ליבשאפט, ווי דער ציטער פארן גורל פון דעם קליינעם מענטשן־זון, וואס האט אזוי פריצייטיק דערפילט דעם ביטערן טעם פון אנגעהעריקייט צו זיין שטאָם.

א רגע — און איך שליס אים איין אין מיין אָרעם, — זיין פנימל צוגעטוליעט פעסט צו מיין ברוסט און ס'דוכט זיך, אז ער איז באמת געשיצט פון אלדאָס בייז אין דער אומאַרמונג פון ליבנדיקע הענט...

א ווײלע הערט ער זיך איין איגעם האסטיקן קלאפּן פון מיין הארץ און — ניט שוין־זשע דערפון? — צעפלאטערט זיך אין אים ווידעראמאָל דער אומרו. ווידער פיבערן אויף הערשעלעם ליפּן קינדישע־ניט קינדישע רייד:

דו, זאָג: וואס וועט זיין? מארגן פארסטו אוועק. און איך?... מיך לאזטו איבער ביי די הינט? נעכטן בין איך געגאנגען אין גאס. סאמע, סאמע פאר מיר איז פארבייגעגאנגען א דייטש; כ'האב מורא געהאט צו קוקן אויף אים, אבער דו זאגסט דאָך שטענדיק, ס'איז ניט גוט צו זיין א פחדן. האָב איך פאריסן דעם קאָפּ, אָנגעקוקט אים אין די אויגן. דעמאָלט האט ער אָן שום כעס א זאָג געטאָן: „קליינער יודע”... — ווי ער וואָלט מיך גאָר געליובט — און מיטן פוס אראָפּגעשליידערט מיך פונעם טראָטואַר. ווען איך בין אומגעפאלן און געבליבן ליגן א רגע איינמיטן וועג, איז גראָד פארבייגעלאפן אן אויטאָ און מיך שיער־שיער ניט איבערגעפאָרן. און דער, וואָס האָט מיר דערלאַנגט מיטן „קוליאס,” האָט זיך צוגעקוקט און געלאכט, ווי ער וואלט געווען משוגע. כ'האב עס נאך קיינעם ניט דערציילט — נאָכוואָס? וואס וועט דאס העלפן? אבער דיר האב איך געמוזט, ווייל דו פארסט אוועק און נעמסט מיך ניט מיט זיך. ניין... מער גיי איך ניט אין גאס. צי קענסטו דאס פארשטיין? — מיטן פוס אוועקגעשליידערט מיך, ווי א הינטל פונעם וועג און געלאכט. פארוואס האט ער געלאכט? ווייל איך לאז זיך פון אים אזוי? וואס האב איך דען געקענט, אז ער האט א ביקס?! איז גוט צו וויסן, דו לאָזט מיך איבער ביי די הינט... — פארענדיקט ער אויף אן עכט־קינדערשן שטייגער, שנירלענדיק, א ברוגזער, די דינע ליפּן.

— וועסט בלייבן מיט מאַמאַ! — גלעט איך זיין אנגעבלאזן בעקל און טרייסט אים מיט אומגעשיקטע ווערטער, וואָס וואקלען זיך ביי איטלעכן טראָט, גרייט יעדע ווײלע זיך אויסצוגלימשן אויפן וועג. — איכ'ל

דאַך צוריקקומען, אוודאי וועל איך... מאַ וועט דיר ניט לאָזן טאָן קיין שלעכטס. נו, וואָס קען איך?... געוואָלט צורעדן דיינע עלטערן, זיי זאָלן צוזאַמען מיט מיר אוועק — אָבער, אַז זיי ווילן ניט...

— שולדיק איז מאַ... — רייסט ער מיר איבער די רייד. — פּאַ־פּאַ וואָלט באַשטאַנען, נאָר מאַ זאָגט צו אים — אַנדערשוואו וואָלט זי געפאָרן, קיין רוסלאַנד וויל זי ניט, אין רוסלאַנד איז שלעכט. אמת, מאַמאַ ווייס אַ סך, אָבער דו ווייסט מערער; און אַז דו פאָרסט דאָרט אַהין, מסתמא איז ניט שלעכט. פאַרוואָס מיינט מאַ אַזוי?...

איך קוש אים. כ'שמייכל אין זיך: — קינד! ווידער שטעלסטו „קלאָץ"־קשיות, וואָס איך קען ניט געבן אויף זיי קיין ענטפער. און ווי־דער האָבן מיינע ווערטער ניט קיין פעסטן טראָט:

— וועסט זיין גרויס, וועסט אַ סך לערנען, וועסט לייענען פאַר־שיידענע ביכער און אפשר וועסטו גאָר אַליין זיין אין רוסלאַנד, וועסטו שוין דעמאָלט געניי וויסן, צי ס'איז דאָרט גוט, אָדער שלעכט.

— הם... — טוט ער ביינזלעך אַ ברום, ניט צופרידן פון מיין ענט־פער — מיינסט טאַקע, כ'בין אַ פּיטשינקעס, כ'פאַרשטיי ניט קיין פּאָ־ליטיק; אַז דו וועסט מיר אויסטייטשן, וועל איך שוין זיכער אַלץ וויסן. נאָר דו ווילסט עס ניט — ביסט געוואָרן אַ שלעכטע, איז זאָל זיין, ניין... נאָר נעם מיך מיט. לאָז מיך דאָ ניט איבער...

— דאָס קען איך ניט. אַ קינד מוז זיין צוזאַמען מיט טאַטע־מאַמע.

איצט קומט ער, דער אויסברוך, מיט אַ קראַפט, וואָס איך האָב ניט פאַרגעזען אין אים: זיין פּנים ווערט רויט, אָנגעדראָלן, ער טרייסלט זיך אינגאַנצן מיט אַ ציטעריניש, וואָס קומט פון אינעווייניק.

— כ'וויל ניט! — שרייט ער מיט אַ שפּיציקן קול און זיינע בלויע אויגן גיסן זיך אָן מיט חשבות — איך וועל דאָ ניט בלייבן! דו קענסט עס ניט פאַרשטיין — זיין קול ווערט פּלוצלונג שטילער, ווייכער, ווי ער וואָלט מיר וועלן פאַרטרויען אַ סוד: מאַמע לערנט מיך „פּאָ־טשעזש"... איך ווייס אַלץ — זי וויל, מיר זאָלן פון דאַנען אַוועק, לעבן צווישן גויים, אַליין מאַכן זיך פאַר גויים... — ווידער ווערט זיין קול פול מיט האַסטיקן אימפּעט, — די ווערטער קייקלען זיך, ווי שטיינדלעך פון אַ באַרג: — כ'קען ניט. כ'וויל ניט האָבן קיין גוייִשע מאַמע; דו ביסט איצט מיין מאַמע — נעם מיך מיט, לאָז מיך דאָ ניט איבער... — ער

איז איצט איין שטיק געבעט. מיט זיין קליין הענטל דריקט ער ביז ווייַ=
טיק מיינע, ווי ער וואָלט מיך וועלן באַשווערן.

כ'קוק אריין מיט שווידער אינעם אָפּגרונט, ווו ס'קייקלט זיך
מיין יוגנט צוזאמען מיט הערשעלעס קינדישע טעג, און אין מיין נשמה
קנוילן זיך וועלטן פון האַס...

א טאג, א שפּעט=הארבסטיקער, טראָגט זיך מיט פויגל=אָפּפלי
פאַרביי מיין פענצטער. טאָג כוואַליעט מיט גאָלדענעם געזיכט אין דער
הויך צו בלויע אין=סופן, ווי אן אומדערוואַרטעטע מתנה און ביי מיר
אין הארצן רייזלט נאכט אין שוואַרצע, אומהיימלעכע לוזשעס. כ'האב
זיך איינגאנצן פארלוירן אין איר געדיכטער פינצטערניש און קען זיך צו=
ריק ניט געפינען; כ'האב גארניט מער אין מיין באַזיץ, א חוץ די פראַ=
גע פון מיין קליינעם פריינט: וואָס וועט זיין?... אין גרויע נעפּלען וויגט
זי זיך אין מיין דמיון, שלייכט זיך כיטרע, שלאַנגיש אינעם גאָרטן פון
מיינע טרוימען, וואס האט פּלוצלונג אויפגעהערט צו גרינען, טאַנצט מיט
באָרוועסע פיס צווישן שווערדן... און — וועמענס שלוכצן טריפט עס
אזוי שטיל, ווי נאכטישע טוי=טראָפּנס פון א ציטערדיקן בלאַט אין
וואלד?...

— — — — וואס וועט זיין?... — צי האבן מיינע ליפּן עכאָ=
מעסיק איבערגעחזרט הערשעלעס ניט=קינדישע רייד, געכפּלט אין פיין?...

אָט איז ער מיט א שפּרונג אויף מיין שויס. די הענטלעך
וויקלען זיך ארום מיין האלדז — פעסט, פעסט, און טוליען מיין קאָפּ צו זיך,
ווי א שלאַנק ביימל טוליעט אין זיינע צווייגן א פויגלשע נעסט, זיין הייס
מויל ווישט אָפּ די טראָפּנס, וואָס, אויסגעמישט מיט זיינע טרערן, קייק=
לען זיך פייכט איבער מיין באַק, און צערטלעכע רייד פליסן מיט וואַ=
רעמען אָטעם אין מיין אויער:

— „גרעזעלע!" פּיטשינקעס!... ניט אזוי האָב איך דאָך געמיינט.
איכ'ל שוין גאָרניט זאָגן — איכ'ל בלייבן דאָ. מיינסט, כ'ווייס ניט: מאַ
האט געזאָגט, זיי קענען דיך זוכן, איך ווייס... דערנאָך וועסטו צוריק=
קומען און מירן ווידער זיין צוזאמען; מסתמא וועט אלץ נאָך זיין גוט.
נאָר וויין ניט, דו טאָרסט דאָך ניט וויינען, ביסט א גרויסע... אָ, הער
אויף „גרעזעלע", — — — „גרעזעלע!"...

איצט בין איך א קינד, הילפלאַז און פארלוירן, און הערשעלע
איז א גרויסער, וואס טרייסט, נעמט איין מיט גוטע רייד מיין געמיט,

רופט מיך מיט דעם שענסטן נאָמען פון אונדזערע שטיפעריייען און מאָנט ניט מער קיין ענטפער אויף זיין פראגע.

---

ווי א קונדס, קלעטערט ווינט אויף דעכער, דראַפּעט זיך אויף גלייכע ווענט, ווארפט הויפנס שניי אין מיינע שויבן און פארפלאָנטערט זיך בעת מעשה אין די צווייגלעך פונעם אקאַציע-ביימל, וואס פלאמערט טאג און נאכט הינטער מיין פענצטער. א צייט-לאנג איז עס געשטאנען אינעם פוכיקן מאנטל פון בליונג, געוויגט זיך לייכט אונטער דער צארטער, דופטיקער לאסט אהינצו, ווו דער שלאנקער טאָפּאָל באוואכט מיין שכנ׳ס הייזקע... געווען א צייטעלע, א צייט!... איצט שטייט עס, נאקעט, אנטקעגן דעם בייזן געווימל און ווינקט זיך איבער מיטן טאָפּאָל וועגן זייער וויסטן גורל...

— עך, ביימל, נארעלע, וואָס דו ביסט — טראכט איך, אָפּריסנדיק א ווײַלע מיין בליק פון דער בלייכער בשורה, וואס האט דורכגעוואנדערט מרחקים (פון פוילן ביז סיביר, און פון דאָרט אין מיין איצטיקן וווינארט) ביז דער פאסט-טרעגער האט זי מיר הייגט געבראכט אין שטוב. — ס׳וועט קומען דער פרילינג, און ווידער וועסטו אונטער הימלגעוועלבן אינעם גרינעם בלעטער-שימער זיך וויגן אהינצו, צום טאפאל, דעם שלאנקן. נייע פייגל וועלן צווישן דיינע צווייגן נעסטן בויען, און קינדער וועלן אינעם שאטן פראווען זייערע שטיפעריייען... נאר, בוימעלע, כשוּפ׳ל דו, אפשר קענסטו מיר זאגן באשייד: צי וועט א פרילינג מיין פאָלק אויך פארוועבן אין בליונג, ווי ביז היינט אין טרערן און פיין?... דאָס פאלק, וועמענס קינדער דו האסט ערשט מיט א יאר צוריק געזען טרייבן דורכן דארף צו אומקום, ווען דער שונא האט אויף א ווייל דא רעגירט... דו שווייגסט, ווי ס׳שווייגט דער געמיינזאמער קבר אין סטעפּ...

אויף מיין טיש ברענט טונקל דער לאָמפּ. אויפן טיש פלאטערט נאך אלץ די בשורה בלייך. איך לייען אים, צום ווייפלטן מאָל שוין, דעם בריוו פון אן אומבאקאנטער פרוי:

„מיין חשובע, אומבאקאנטע פריינדן!

זומער, 1943 יאר, האט א 14-יאריק ייגגל, בלאָנדזשענדיק אין וואלד, זיך אנגעשטויסן אויף אונדזער פארטיזאנער-אָפּטיילונג און ניט געוואָלט אָפּטרעטן פון אונדז. מיר האבן אים געוואָלט איינגלידערן אין דער „פאמיליען-גרופּע,” אָבער אין עטלעכע טעג ארום איז ער פון

דאָרט אנטלאָפן, ארויסרופנדיק ביי אונדז געלעכטער מיט זיין אייגנאר־טיקער דערקלערונג, אז ער זוינט ניט קיין קינד, און דעריבער קען ער זיין מיט אונדז און אויך עפעס „טאָן"... ער האט אונדז דערציילט, אז ער הייסט הערשעלע גאָלדבערג, אז טאטע־מאמע זיינען אין 1940 אוועק מיט אים אין א דארף און דארט האבן זיי געלעבט אלס גויים. ווען די דאָרפס־לייט האבן פונגדעסטוועגן דערשנאפט, אז זיי זיינען ניט קיין אייגענע, האבן זיי פאר דעם אפראטעווען פארלאנגט זיך צו שמדן. אזוי איז עס טאקע געשען. טאטע־מאמע האבן געארבעט אין פעלד, און דער זון האט געפאשעט די קי. אבער ער האט בשום אופן ניט געקענט זיין קיין גוי, ס'האט אים ממש געשטיקט. אין אנהויב האט ער געפרוווט בעטן זיך ביי דער מוטער, זיי זאלן אוועק פון דארט, נאר די מאמע האט אים פארווערט וועגן דעם צו ריידן. ביז ער האט ניט אויס־געהאלטן: עטלעכע טעג געשפּאָרט ברויט־פענעצן, פארשטעקנדיק זיי אינעם גראָז אונטער א קוסט. און אין איינעם א פרימאָרגן, אנשטאט, ווי יעדן טאג, גרייטן זיך צו טרייבן אין פעלד די קי, האט ער זיך אויפ־געהויבן, ווען ס'האט קוים געשאריעט אויף טאג, פארדרוקט אין קעשענע די קארגע שטיקלעך ברויט, אוועקגעווארפן מיט רוגזה דעם קליינעם גאט, וואס האט אויף א שנירל געבאָמבלט זיך אויף זיין ברוסט, און געלאָזט זיך גיין מיטן וואלד. ער ווייס אליין ניט, ווי לאנג די יאַגדעס און מאַלי־נעס האבן אים געשפייזט אין וועג...

אזוי איז ער שוין געבליבן מיט אונדז. איך דארף אייך ניט שיל־דערן, וואָס פארא פעאיק ייִנגל דאָס איז געווען, ווייל איר האָט אים פריער פון מיר געקענט. ער איז גיך געוואָרן ביי אונדז דער ליבלינג. אויף א געשיקטן אופן האט ער אויסגעפירט א סך נוצלעכע, געוואגטע ארבעטן און תמיד באוויזן צו אנטרינען דעם שונא פון די הענט.

דערנאָך האט אונדזער גרופּע איבערגערוקט זיך אויף מערב. אויס־פירנדיק סוף 1944 א שליחות בשכנות מיטן דאָרף, ווו מ'האט אים אָפּ־גע'שמד'ט, האט ער זיך דערוווּסט, אז א גוי האט אויסגעגעבן זיינע על־טערן און די דייטשן האבן געמאכט א סוף צו זייער לעבן. פון דאן אָן איז ער געוואָרן אזוי ווילד, אז ער האט ניט געקענט איינזיצן אין וואלד; ס'האט געפלייצט פון אים מיט אימפעט און ענטוזיאזם פון רייפנדיקער יוגנט; אלץ איז ביי אים געוואָרן מעגלעך, און קיין זאך איז ניט געווען צו שווער... ס'איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז צווישן די דייטשן, אויף די ערטער, ווו מיר האבן אָפּערירט, האבן קורסירט לעגענדעס וועגן

א בלאָנד ייִנגל, וואָס „גראַסירט" אין העלן טאָג, און פּאר זיין קאָפּ איז באַשטימט געוואָרן א פּרייז.

צו יענער צייט האט ער זיך שטאַרק באַפריינדעט מיט מיר, דער־ציילט וועגן אייך, געגעבן מיר צו לייענען די בריוו, וואס איר האט אים פון סיביר געשיקט אין דאָרף. ער האט אלץ געגלויבט צו זען זיך נאך מיט אייך. דאס איז געווען זיין איינציקע האָפענונג, געאָכדעם, ווי מיר וועלן באַזיגן דעם פיינט... נאָר „טאָמער, וואָס־ווען" — האָט ער איינמאָל אויסגעשטאַמלט צו מיר, — טאָמער פּאַקן זיי אים, די הינט, זאָל איך וויסן, אז איך מוז אייך אפזוכן נאכן קריג און דערציילן, אז קיין פּחדן איז ער ניט געווען...

צו אונדזער גרויסן ווייטיק איז עס געשען. צוויי וואָכן פאר דער באַ־פרייונג איז ער אריינגעפאלן אין זייער נעץ. עטלעכע טעג שפּעטער האבן מיר גענומען געפאנגען א דייטשן לייטענאַנט, וואָס האָט גראָד ביי־געוווינט זיין אומקום. ער האט אונדז אלץ דערציילט: צוויי טעג האבן זיי אים אכזריות'דיק געפייניקט, וועלנדיק צווינגען, ער זאָל זיי ווייזן דעם וועג צו אונדזער גרופּע. זיין ענטפער האט געלויטעט מער־ווייני־קער אזוי:

„איר האט פארפייניקט מיינע עלטערן און מיין פאלק, אבער איך האב אייך אויך אביסל צרות אנגעמאכט — א יידיש ייִנגל... חשמו־נאים לעבן נאָך ביי אונדז, און איר וועט האבן המנ'ס סוף!..."

מיין ליבע, אומבאקאנטע פריינדין! מיט טיפן ווייטיק אין הארצן צוליב דעם חורבן, באַאויפטראַגט פון אונדזער ביידנס קליינעם פריינט, שרייב איך צו אייך דעם בריוו, ניט וויסנדיק אפילו"... א. א. וו.

איך לייען ניט מער, כ'קען שוין פון אויסנווייניק יעדעס וואָרט... מיין אויג איז טרוקן, ס'האט ניט מער קיין טרער. אין קוימען שפּילט א גריל. דער ווינט האט צעיאגט די כמארעס, דעם צעשויבערטן קאָפּ אוועקגעלייגט מיד צו מיין שוועל... לבנה באדט זיך אין שניי. הינטערן פענצטער, אין ווינטערדיקן לבוש שטייט אקאציע־ביימל, וואָס האָט מיט א יאר צוריק געזען, ווי מ'פירט מיינע ברידער צום אומקום...

# אַ באַגעגעניש

איינגעלער האָט חיים געהאַט באַשלאָסן אין ערגעץ ניט צו גיין; ניט דערליידיקן היינט קיין שום ענינים — דעם איינאיינציקן ניי־יאָר־אָוונט בלייבן מיט זיך אַליין אין זיין בחור'שן צימער.

ער האָט אָוועקגערוקט דעם פאָרהאַנג ביים פענצטער און אַנגע־קוואָלן אַ ווײַלע פון דעם רחבותדיקן דרויסן: אויבן האָט דער הימל אויף אַ בלוי טעלערל סערווירט מיליאָנען שטערן און אונטן האָט גערעוועט די שטאָט.

ניט צו וויסן געניי פאַרוואָס, איז דער נחת־רוח שנעל אין אים צערונען. זיין אָרט האָט פאַרנומען אַן אומעט, וואָס האָט געמאַכט גלייכ־גילטיק צו דרויסנדיקער שיינקייט. איז עס אפשר געווען די בענקשאַפט צו טאַטע־מאַמעשקייט, צו משפחה'דיקער געמיטלעכקייט, וואָס איז אָוועק מיטן רויך?...

ווי אַ באַשטעטיקונג, בייסן זיי זיך איין, די זכרונות, מיט שאַרפע ציין אין זיין נשמה און זויגן פון איר דאָס חיות...

די לאָגיק וויל זיי איינגעמען, באַרואיקן — און ווידער ווענדט זיך חיים צום דרויסן:

דער הימל איז גוט און מילד, שפּרייט אויס דעם מילך־וועג אויף זיין לייוונט, גלעט מיט ווייסן, דין־שנייאיקן שפּריי...

דאָך — ניט אַלץ איז אַזוי טרויעריק און שלעכט: אַט וועט ער

נאָכאמאָל באקוקן די בילדער פון דער קינדערהיים אין פוילן, וואָס חברים האבן אים איבערגעשיקט א מתנה, און פון דעם וועט אויך מסתמא גוט זיין אויפן הארצן...

ארויסנעמענדיק די פאטאגראפיעס פון פארטפעל, האבן זיינע פינגער ניט־ווילנדיק פארטשעפעט, ארויסגעווארפן פון דארט א קאנ־ווערט. חיים האט זיך איינגעבויגן, בכדי אויפצוהויבן דאס שטיקל ווייס־קייט פונעם דיל: אירענא יאַוואָרסקאַ, דראָוגער־שטר... — — — איז געווען געשריבן אויפן קאָנווערט.

און גלייך האט ער זיך דערפילט שולדיק: צוגעזאָגט זיין באקאנטע, אז באלד נאכן אָנקומען קיין מינכען, וועט ער אָפזוכן איר לעבן־געבליבענע קאצעט־חבר'טע און איבערגעבן איר דעם בריוו.

נאר די ארבעט האט אים אזוי פארשלונגען, אז ער האט דאס ביז היינט ניט דערליידיקט. נאָך היינט מוז ער צו איר אוועק. די אוונט־שעה איז נאך גענוג פרי אויף צו באזוכן א פרעמדע פרוי.

זארגפעלטיק צוריק ארייַנגעלייגט די בילדער מיטן בריוו אין פאָרטפעל, אָנגעטאָן מאנטל און הוט, און פארשלאסן הינטער זיך די טיר.

* * *

אומבאקאנטע טרעפ. צווייטער שטאָק.

ביז מיטיק — העלפן צוגרייטן די צייטונג — האט חיים בעת מעשה געמאכט דעם חשבון פאר דעם מארגנדיקן טאג — דערנאך: עליה „ב"... קוים טרעפט ער ניט דעם אַדרעסאַט אינדערהיים, וועט ער מוז בעטן אימיצן, איבערגעבן דעם בריוו.

א קלונג אין א פרעמדער טיר. א פרעמד געשטאלט אויף דער שוועל;

— און מיטאמאל

— — — צי איז ער וואך? — — —

א באנומענער אויסגעשריי:

— חיים, דוּ?! — און די פיליאָריקע בענקשאפט הענגט ביי אים צאפלדיק אויפן האלדז.... די רייף־געווארענע יוגנט פלאטערט אינעם זכרון, ווי א בלאַט, אין הארץ פון קליינעם צימער ווייען פרילינג־דיקע ווינטן. אויף א צווייגל פון זיין אומגעריכטער בליאונג, ווי א פויגל, הוידעט זיך מיידלשער נאָמען, ווערטער־וווּנדער פלעכטן זיך דורך מיט שווייגן. צי האט ער געקושט איר מויל?...

אט זיצט זי נעבן אים, דאס מיידל פון זיינע ערשטע יוגנט־טרוימען, די, מיט וועלכע ער האט מיט יארן צוריק אזוי זינלאז איבער־געריסן. ער האט דאן גלייך געהאט דערויף חרטה, ס'האט זיך אבער שוין גארניט געלאזט פאריכטן... דערנאך איז געקומען דער קריג און ער האט זי אינגאנצן פארלוירן. דורך אלע וואגלעניש פון זיין וואנדער־וועג האט ער דורכגעטראגן אין זיך דעם שטילן פלאטער צו איר, א הייסע בענקשאפט... צי זאל ער איר איצט דאס דערציילן?....

אט זיצן זיי צוזאמען אויף דער שמאלער סאפע; אסתר איז בא־לעבאסטע. זי איז די ערשטע געקומען צו זיך: דער טיש איז שוין סער־ווירט — קיכלעך, ניס. אויך א פלעשל וויין איז פאראן...

דער רויטער געטראנק כוואליעט פריילעך אין די גלעזער. דער וויין לאקט און חיים קען ניט טרינקען...

אסתר פארעט זיך ארום אים. אירע באוועגונגען זיינען שוין מער ניט אומזיכער און יינג־מיידליש ווילד, ווי אמאל. איצט איז זי א רייפע פרוי און יעדער גליד אירער איז גראציעז, באזאכט... זי האט גארניט פארלוירן פון איר אמאליקער שיינקייט, איז בלויז געווארן שלאנקער. אויך דאס פנים האט אפגענומען אביסל פון זיין רונדקייט, באקומענדיק דעם צארטן, אויסגעפייניקטן אוואל פון מאנכע מאדאנא־בילדער און אונטער די בלויע אויגן האט זיך צעלייגט ביי איר א שאטן — נאר דאס אלץ גיט איר נאך צו א באזונדערן חן...

זי האט שוין באוויזן דערציילן פאר חיים'ען דעם דורכ־געמאכטן קאצעט. פון אים האט זי זיך בלויז דערוווסט, אז ער קומט פון רוסלאנד און מער גארניט. ער שווייגט, קוקט זיך איין אין איר, הערט זיך איין אין דעם, וואס ריזלט הינטער דער אויבערפלאך פון הויט און ביין, וויל דורכדרינגען איר נשמה...

זי פלוידערט מילד, צאפלט זיך אינגאנצן פון פרייד; און ניט צו וויסן פארוואס, וועבט ווידער דער אומעט ארום אים א דינעם שלייער.

— חיים! א, וואס שווייגסטו, חיים?... — פרעגט זי מיט א האנט אויף זיין אקסל, און ווארט ניט אויף אן ענטפער. — דערצייל, ווי לעבסטו איצט? וואס טוסטו? פארוואס טרינקסטו ניט דעם וויין?

— כ'וועל נאך טרינקען — בארויקט ער איר גאסטפריינטלעכ־קייט מיט א שמייכל — ווי איך לעב? — חזר'ט ער איבער איר פראגע — קענסט זיך פארשטעלן: נאך מער פארארבעט, ווי דעמאלט; אנדערע

צייטן ביי יידן, פארשטייסט?... — ער וויל זאָגן נאָך, אָבער אסתר'ס האנט אויף זיין מויל לאזט ניט פארענדיקן דעם געדאנק.

ניט שווינ'זשע ביסטו געבליבן דער זעלביקער נאַר, ווי אַמאָל?...

— און גלייך האט זי זיך צוריקגעצויגן פון איר חוזק'דיקן טאָן, גענומען וויקלען זיך ארום אים מיט צערטלעכע רייד.

— טייערער! כ'וועל ניט לאזן, זאלסט מאכן פון זיך א תל.... פאר מענטשן, וואס האבן געטראגן זייער איינזאמקייט דורך קאצעטן און טויטגעם, וועט מיין צימער ניט זיין צו קליין... כ'וועל גלייך אנשרייבן דער מומען א בריוו, זי וועט שיקן „עפידעווי" אויך פאר דיר... און דערווייל

— דערווייל וועל איך דאָ פאר אונדז ביידע שאפן אזא נעסט, וועגן וועלכער דו האָסט אין די שענסטע טרוימען ניט געאָנט...

— יא — האט חיים אפגעריסן זיין בליק פון איר — אזא נעסט, אין וועלכער ס'וועט מיר זיין אזוי ענג, צום שטיקן זיך...

ניין, דאס איז שוין ניט געווען אסתר האפאפאָרט, דאס ליבע מיידל פון זיין חלום. און אפשר איז זי דאס קיינמאל ניט געווען?...

זי איז געזעסן אזוי נאָענט נעבן אים, די איצטיקע אירענא יאַווארסקא, אז ער האט געפילט, ווי איר קערפער כוואליעט אויף אים מיט ווארעמקייט. אירע בלאנדע, ארישע האר האבן שטיפעריש געגלעט זיין באק, אָבער זיי האבן מער ניט אָנגערירט דאס אינעווייניקסטע אין אים...

פארשטיי — האט זי געשטאמלט, א דערשראקענע פאר דער פרעמדקייט, וואס איז איצט בולט געלעגן אין זיין בליק — פארשטיי, איך בין מיד, — דאס לעבן האט מיך מיד געמאכט, און כ'מוז זוכן א זיכערן ווינקל, אוועקצולייגן, אויסרוען דעם גוף. אין דיין וועלט וועל איך דאָס ניט געפינען...

זי האט געזוכט אזעלכע רייד, וואס זאלן אויסבויען פאר איר א בריק צו זיין הארץ, צו זיין נשמה; און ניט פארשטאנען, אז די מניעה ליגט אפשר אינגאנצן ניט אין קיין רייד. אז ווען זי זאָל אפילו אויסגעפינען אין זיך די פאסיקסטע, וועט די עמפינדונג אלץ בלייבן די זעלבע...

ניין, ניט דער „עפידעווי" איז עס געווען, וואס האט געלאשן זיין פייער צו איר... האָט ער דאָך געפילט, אז ער קען אפילו איצט פועלן ביי איר, מותר צו זיין אויף איר „עפידעווי" און זוכן א תיקון אין זיין וועלט...

צווישן זיי איז, ווי א שווערער שטיין, געלעגן א מין שלעכטע אנדערשקייט. טיף אין אים האבן זיינע אומגעקומענע געמאָנט לעבן,—זי האט געזוכט דאס האזיקע צו פארגעסן.

ער האט ניט אויסגעמיטן איר בליק: זי האט געזוכט אין זיינע אויגן דאס פייערל, וואס האט זיך געפלעמלט אין זיי ביים אנהויב פון זייער באגעגעניש און האט עס מער ניט געפונען...

חיים האט, שווייגנדיק, געגלעט אירע האר און געוווּנדערט זיך בעת מעשה — וואס טוט ער דא, אין דעם פרעמדן צימער, ביי דער פרעמדער פרוי מיט איר פרעמדן, ארישן נאמען.....

* * *

דער צארטער שניי - שפריי האט נאך אלץ געגידערט שטיל צו דר׳ערד, ווען חיים האט אין דער שפעטער שעה צוריקגעקערט אהיים. ער האט געוווּסט אויף זיכער, אז מער וועט ער צו אסתר׳ן ניט גיין, אז די בענקשאפט צו איר, וואס האט יארן - לאנג אין אים געפלאטערט, איז איינגאנצן אנטרונען פון זיין הארצן. און ס׳האט זיך אים אויסגעוויזן, אז אזוי איז טאקע גוט און ס׳דארף גאר אנדערש ניט זיין... און דאך — ווי א שטילע טענה, האט טיף אין אים גערייזלט א מין פארוווּנדערונג, הלמאי ס׳איז א ז ו י געשען, ווען ס׳האט געקענט זיין א נ ד ע ר ש?...

איינזאם הילכן אפ זיינע טריט אין דער שפעטער נאכט - שעה אויף דער גאס. מיט אויסגעלאשענע אויגן קוקן טויערן פון א זייט. שניי באהיטלט ווייך דעם גרויען, ערדישן קאָפּ.

שטיל.

אויפן הימל הענגט לבנה, ווי א פראגע - צייכן...



# כימערע

די נייע דירה אויף זאַוואַרזקאַ, ווו זיי האָבן זיך אָקאָרשט גע־האט אַרײַינגעצויגן, איז געווען א גערוימיקע און זוניקע, ווי זייער ליבע.

ער — א באנק־אָנגעשטעלטער און זי — א מוזיק־לערערין, איז זיי ניט לייכט אנגעקומען אָט די רחבותדיקע ווױנונג מיטן פיינעם מעבל, כמעט „דאָס לעצטע געשריי פון דער מאָדע”. אייניקע יארן האָרעוואניע און אָפּשפּאָרעניִשן און אָפּזאָגן זיך פון דאָס סאמע אנגע־נעמסטע און אפילו נויטיקע, האבן זיך צונויפגעלייגט אויף דער דאָזי־קער דערגרייכונג. דערפאר איז אבער די איצטיקע הנאה געווען דער אנטשפּרעכנדסטער עקוויוואַלענט צו די פריערדיקע פלאָגענישן.

די ערשטע טעג נאכן איבערנעמען די ווױנונג, האבן זיי גאָר־ניט געהאט קיין חשק צו שיידן זיך מיט איר אין די אָוונטן. געלייגט שלאָפן די צוויי קינדערלעך, וואס האבן איצט געהאט אן אייגענעם, ליכטיקן צימער, זיינען די תמיד יינגע און קעגנזייטיק אין זיך פאר־ליבטע טאטע־מאמע, ניט אוועק אין ערגעץ — געבליבן אינדערהיים און אָנגעקוואָלן פון זייער נייעם באזיץ.

טיילמאָל האט זי געשפּילט אויף דער פּיאַנאָ, און ער, אויסגע־צויגן אויף דער קאנאפּע, האט מיט פארגניגטע בליקן נאָכגעפאָרשט די פלינקע באוועגונגען פון אירע פינגער, וואס האבן פארמאָגט די

זעלטענע פעיקייט, מיט זייער באַרירונג צו מאַכן אויפציטערן צוויי אינ־ סטרומענטן פּאַראַמאָל: די פּיאַנאָ און זיין האַרץ...

אַז אַנדערשמאָל זיינען זיי סתם פריי געגאַנגען צו בעט און דאָס איז אויך געווען אַ מין קרוינונג פון זייער מיזאַמען, אָבער צופרידע־ נעם טאָג.

די פרייד איז געווען אין יעדער באַוועגונג זייערער — אינעם אופן, ווי זי פלעגט אים דערלאַנגען אַן אָפּגעשיילטע פרוכט און ער איר — די נאָטן, אַדער אַן אַנדערע קלייניקייט, אין יעדן קער און ווענד.

ס'איז געגוג געווען, זיי זאָלן שווייגנדיק זיך אָנקוקן אַ ווײַלע און צופאַלן איינס צום אַנדערן מיט אַ שמייכל:

— שמואל?...

— דאַנקע?...

אַז דאָס זאָל הייסן:

— איז עס טאַקע אמת, אַז מיר זיינען גליקלעך, טייערע?...

— האָבן מיר זיך דען ניט ליב, גלייך, מיר וואָלטן מיט אַזוי־ פיל יאָרן צוריק גאָרניט חתונה געהאַט? גלייך, מיר זאָלן גאָר פירן עפּעס אַ מין „געגנבעטע", פאַרבאָטענע ליבע — האָ? ווי מיינסטו וועגן דעם, שמואל?

אַזוי זיינען געגאַנגען ביי זיי מעת־לעתן און ס'האָט זיך גע־ דוכט, נאָר די שיינע וווינונג איז געווען די איינציקע זאַך, וואָס האָט ביז איצט געפעלט, גאַנץ און שלימותדיק צו מאַכן זייער גליק...

נאָר מיטאַמאָל — דווקא אין זייער נייעם „האָניק־חודש" אין דער נייער וווינונג, האָט אַ מין כשוף, אַ שוואַרצע קאַץ פאַרבייגע־ לאָפן דעם וועג דער אידיליע, וואָס האָט יאָרן־לאַנג צווישן זיי זיך גע־ וועבט...

געקומען איז עס ניט מיטאַמאָל, טאַקע בהדרגה'דיק, אָבער פאַר־ העלטניסמעסיק זייער גיך.

און אָנגעהויבן האָט עס זיך אַזוי:

בערך אַן אַכט טעג נאָכדעם, ווי זיי האָבן זיך אַרייגגעקליבן אין דער נייער דירה, אין אַ שפּעטן אָוונט, ווען זיי האָבן שוין געהאַט איינ־ געדרעמלט, האָט דורכן אָפענעם פענצטער, צוזאַמען מיט דער זעלטן־ וואַרעמער פרילינג־לופט, מיטאַמאָל אַ קול אַריינגעריסן זיך אין זייער צימער, דורכבויערנדיק די אומבאַשטענדיקע ווענט, מיט וועלכע דער חלום האָט אַרומגעצוימט דעם שלאָף פון די ביידע מענטשן.

דאַנקע האָט די ערשטע געעפֿנט די אויגן, ווייל איר מוטערלעך אויער איז תמיד געווען וואַכזאַם און אָנגעשפּיצט.

ניין. דאָס קול איז גאָרניט געקומען פֿון קינדער־צימער און דאַנקע האָט שוין געזאָלט פֿאַרמאַכן צוריק די אויגן.

נאָר דער קלאַנג האָט ווידער אַריינגעשיפּט זיך אין דער שטיל־קייט:

— ווי־טוש... ווי־טוש... כאַ־אַדזש...

דאָס איז ניט געווען קיין באַפֿעל און אַפֿילו ניט קיין געוויינלע־כער רוף. דאָס איז געווען אַ מין בענקשאַפֿט, אַ געזאַנג, אַ שטיפֿעריש געבעט, נו, אַ שטיק פֿרילינג, געוואָרפֿן אין עפּיר...

און ווידעראַמאָל — אויף פּויליש: ווי־טוש... קו־ום...

שמואל האָט זיך אומרואיק אַ באַוועג געטאָן.

— ווער רופֿט אַזוי? — האָט עס האַלב פֿאַרשטענדלעך אַרויס־געבראָמט פֿון די טיפֿענישן פֿון זיין פֿאַרשלאָפֿנקייט.

— ששש... — האָט זי זיך געבעטן, מורא געהאַט, אַז דאָס זעלט־זאַמע קול וועט זיך ווידער אָפּרופֿן און ער, שמואל, וועט עס פֿאַרשטיקן מיט זיין ברומען.

שטיל. קיין קלאַנג.

— אַ שאָד... — האָט זי אויסגעפֿליסטערט.

— שלאָף, מיידל... — האָט ער אַרומגענומען איר אַקסל און אַלץ ניט געעפֿנט די אויגן.

— ווי־טוש... ווי־טוש... קו־ום... — נאָך זיסער, נאָך האַרציקער, באַנגער...

זיין האַנט אויף איר אַקסל האָט אַ ציטער געטאָן.

— שיין רופֿט זי... — האָט ער געזאָגט, אויפֿמאַכנדיק די אויגן.

— ווי אַ פֿויגל... — האָט זי באַשטעטיקט.

דערנאָך איז געווען שטיל, ווי דער גערופֿענער וואָלט טאַקע גע־קומען און מיט זיין צערטלעכקייט פֿאַרזיגלט דאָס קול פֿון זיין ליב־סטער.

די שטילקייט האָט איינגעוויגט די צוויי מענטשן אין צימער אויף דער כוואַליע פֿון פֿאַרגאַנגענעם קלאַנג. און ווידער האָט די פֿרי־לינג־נאַכט רואיק געשפּרייט איבער זיי דעם שלאָף.

אויף צומאָרגנס האָט בלויז איינס ביים אַנדערן געפֿרעגט:

— האסט געהערט, ווי עמיץ האט גערופן?...
— געהערט...

אפנים געוואלט זיין זיכער — איז עס מיט אן אמת, אָדער האט עס זיך בלויז אויסגעדוכט אין שלאָף...

אין די ווייטערדיקע נעכט האבן זיי מער ניט פארנומען דאס קול און די קליינע געשעעניש איז אינגאנצן דורך זיי פארגעסן געווארן.

ביז — איינמאָל:

זיי זיינען נאָך ניט געשלאָפן, ערשט געקומען פון א שפאציר.

דאנקע איז גראָד אריין אין קינדער-צימער, צו זען, צי די קינדער שלאָפן רואיק זייער שלאָף.

— — — ווי-טוש... קו-ום... — האט עס דורכגעזוואונגען אינעם חלל פון הויף.

ביידע זיינען צוגעפאלן צום פענצטער — מיטאמאָל.

גאָרניט. אויסגעלאשענע פירעקן קוקן מאַט אין דער סוף-חודש׳דיקער נאכט. בלויז עטלעכע שניידן זיך וואָך ארוים פון די מויערן מיט ליכט-געצונדענעם אויג. נאָר קיינער, אויסער זיי ביידן, קוקט ניט ארוים, קיינער זוכט ניט אינעם חושך די געשטאלט, וואס פארלאָקט אין די נעכט א בחור מיט איר רוף. צוגעווויינט אפנים פון לאנג...

זיי האבן, אנטוישטע, זיך אָפגעריסן פונעם פענצטער.

וואָס גייט זיי אייגנטלעך אָן, ווער עס רופט? זיי מוזן דאָך איר ניט זען. אבי זיי הערן דאס קול, וואס איז געזאנג, בענקשאפט — פריידיקער רוף.

נאָר דווקא, אויף להכעיס, איז זיי יאָ אנגעגאנגען דער מענטש, דאס מיידל, וואס רופט איר בחור און לאָזט ניט זען איר געשטאלט. אין די נעכט, ווען זיי האבן זיך שווייגנדיק געטוליעט צואנאנדער אין דערוואַרטונג אויף דעם קול, — האָבן ביידע אלץ מער געטראכט וועגן יענע צוויי, דער רופנדיקער און דעם גערופענעם, וועמענס ליבעס-מיסטעריע וועבט זיך אזוי סודותדיק אין די נעכט.

זייער יונג מוז זי זיין, — האט געטראכט דער מאן — אנדערש קען ניט געמאָלט זיין אזא שטימע...

ער האט געקוקט אויף זיין פרווים פנים, וואס האט מיט אויפגעריסענע אויגן, א ווייטס, געבלייכט זיך אויפן קישן. און מיטאמאל איז אים איינגעפאלן, אז זיי ביידע זיינען אייגנטלעך מער ניט יונג און וועלן עס קיינמאל ניט זיין.

זי האט א קוק געטאָן אויף דעם מאן געבן איר זייט, נאָר ער האט ניט אויפגעכאפּט, ווי תמיד, איר בליק. עפּעס פרעמדס האט איצט שימערירט אין זיין אויג און דאס פרעמדע האט אויף א דינעם, אומ־זעבארן פאָדעם געצויגן זיך אראָפּצו, צו דעם יינגן, געהיימניספולן ווען, וואס כשופט מיט איר קול.

זי האט געוואָלט בייז זיין אויף אים, די פרוי, נאר פּלוצים האט עפּעס אנדערש געגומען באשעפטיקן איר רעיון...

— ווי זעט ער אוים? — איז איר געגאנגען אין לעבן צו וויסן — ער מוז זיין... זעלטזאַם, ווען אזא שטימע ציט זיך צו אים אָן שום אָפּהאלט, אזוי אָפּן, אין דער נאכט...

און אזוי איז עס שוין געווען צווישן מאן־און־ווייב: אין די אינטימסטע מאָמענטן, ווען זיי זיינען, דוכט זיך, געווען איין וועזן און ס׳איז ניט געווען אין זיי קיין וויבריררונג, וואס זאל ניט געהערן דעם צווייטן — האט דאָך אין יעדן פון זיי געשפּראָצט עפּעס אוים־שליסלעך אייגנס, וואס האט צום אנדערן ניט געהאט קיין שייכות...

דערנאָך זיינען זיי מער ניט געלאָפן צום פענצטער, ווען זיי האבן פארנומען די שטימע. צוגעשמידט צום אָרט, ווו זיי האבן זיך גראָד גע־פינען, פלעגן זיי בלייבן, ווי געליימט, ווי פארכשופט...

די מיסטעריע פון א ל אָ ק נ ד י ק ע ר און פ א ר ל אָ ק ט ן פלעגט ארום ביידן זיך וועבן און יעדעם פון זיי האט אין די אויגן פו־נעם אנדערן געלייענט זיין אייגענע בענקשאפט.

טיילמאָל פלעגן זיי ריידן דערוועגן:

—שיין מוז זי זיין, דאס מיידל, — האט געזאגט די פרוי — און גליקלעך... ווען זי רופט אזוי, איז איר שטימע לויטער גליק. ס׳אַרט איר גאָרניט, וואס זי מוז אזויפיל מאָל רופן, ביזוואנען ער דערהערט און קומט צו איר ארונטער. און אפשר דארף ער גאָרניט קומען?... אפשר איז עס בלויז אזא מין צייכן, אז זי איז פאראן; אז זי לעבט; אז באלד נאכדעם, ווי זי וועט אָפּזינגען איר געזאנג, וועט זי א שוועב טאָן צו אים און ער וועט איר קענען אייגשליסן אין די אָרעמס?... און א שיקסל איז זי זיכער, ווייל ווי וואָלט עס א יידיש קינד זיך דערלויבט אזוי אָפּן, אומגעצוימט, לאָזן ריידן איר הארץ אין די אָוונטן.

איר וועזן איז געווען פול מיט דעם פרעמדן בחור, וואס איז מיט יעדן רוף פון זיין מיידל געוואָרן אלץ אייגענער און נענטער צו

איר געמיט — נ אָ ר ג ע ר ע ד ט ה אָ ט ז י ד ו ו ק א װ ע ג ן ד ע ם מ יי ד ל...

און דער מאן איז איר געווען דאנקבאר דערפאר. אים איז גוט געווען צו הערן, ווי זי רעדט וועגן דער אומבאקאנטער, וואס האט מיט דער פייל פון איר שטימע ארייגעדרונגען אין זיין הארץ, — אין דעם זעלבן הארץ, וואס געהער אייגנטלעך צו איין־איינציקער פרוי, צו דער מוטער פון זיינע קינדער...

און די שטימע האט אלץ מער אויסגעפילט זיין וועזן — נאָר געדערט האט ער דווקא וועגן אים.

— אזוי מוז עס טאקע זיין, ווי דו מיינסט דאָס, ליבסטע: ער דארף איינגאנצן צו איר ניט אראָפּגיין. ער דארף בלויז וויסן: זי איז דאָ. זי זינגט צו אים. זי׳ט באלד קומען — ער דארף בלויז ווארטן מינוטן, א רגע... ער מוז זיין יינג און זייער שיין, אויב א וועזן מיט אזא פויגל־שטימע זאל אים קענען ליבן. ניין. קיין ייד איז ער אויך ניט, מסתמא, ווייל ווי וואָלט עס אן אומדזעריקער געקענט אזוי רואיק און געדולדיק ווארטן, ביז זיין געליבטע וועט אויסצווויטשערן אלע טרעלן? באלד נאכן ערשטן קלאנג וואלט ער מסתמא אראָפּגעלאָפן און אויף די הענט איר ארויפגעטראגן, זי זאל פארשפארן צו כשופן אנדערע מיט איר שטימע...

* * *

ס׳איז געווען א זונטיקדיקער פארמיטאג און די קינדער האבן אין קעגנאיבערדיקן גאָרטן געפּראוועט זייערע שטיפערייען. איין פענצ־טער איז ארויסגעגאנגען אהינצו און, שפּילנדיק אויף דער פּיאַנאָ, האט דאַנקע געקענט זען, ווי טיכטיק איר צעניאָריקער בחור גיט זיך אָפּ מיט זיין קליינער שוועסטער.

דאַנקע האט געשפּילט, נאָר אירע פלינקע, צאַרטע פינגער זייַ־נען איצט בלויז מסוגל געווען צו מאכן וויברירן די פּיאַנאָ־קלאַווישן און ניט דאס הארץ פון איר מאן. א שווייגנדיקער איז ער געזעסן אויף דער קאנאפּע, אריינגעטאָן אין עפּעס, וואס איז געווען אין אים.

דאַנקע האט געלייענט אין זיין פארכמורעטן פּנים, ווי אין אַ בוך פון איר אייגן הארץ. זי האָט געוווסט, אז זיי יאָגן זיך ביידע נאָך א כ י מ ע ר ע, נאָר זי האט זיך ניט געקענט העלפן.

— — —ווי־ט ו ש... ווי־ט ו ש... כ אָ־אָ ד ז ש...

אינמיטן טאָג? די שטימע?...

ביידע האבן זיך איבערגעקוקט, אויפגעשפרונגען האסטיק פון די ערטער און אין איין רגע צוגעפאלן צום פענצטער.

איצט! איצט וועט פלאצן דאס געהיימניש. איצט וועלן זיי דערגיין...

א ווײלע זײנען זײ, ווי דולע, געהאָנגען איבערן דרויסן. ווידער איבערגעקוקט זיך און צעטומלט געוואָרן: פון זייער אייגענער, נאַרישער מינע? פון דער הויכגעוויקסיקער אַלטער פריילין, מיטן גרויען קאָפּ האָר און פארשפיצטן, פויגלשן פּנים, וואס זיי פלעגן טאָגטעגלעך אויף די טרעפּ באגעגענען?

איצט איז זי, פּאַנגאַ ליוציגאַ, געשטאנען אין א ווינקל פון הויף, גלעטנדיק דעם אָפּגעפּוּנענעם קאָטער, וואס האט מאיעסטעטיש געוויגט זיך אויף איר אקסל.

— ווי־טוש!... ווו האט עס געהוליעט א גאנצע נאכט, מיין אָרעמס?...

מאן־און־ווייב האבן דערקענט די שטימע. זייערע פּנימער האבן זיך אויסגעצויגן, נאָר באלד זיינען זיי צוגעפאלן צו זיך מיט א געלעכטער, אָפּגעשפּרונגען פונעם פענצטער און, ניט טויט, ניט לעבעדיק פון לאכן, פארקייקלט זיך אויף דער קאַנאַפּע.

זיי האבן געפּרוּווט עפּעס ריידן צוואנאנדער, קוויקן זיך מיט דער „אנטפּלעקונג”, אבער יעדער קלאנג איז פארכליגעט געווארן פון אלץ נייע און שטארקערע לאך־שקוואַלן:

— כי! כי! כי!...

און

— כאַ־כאַ־כאַ !...

און:

— אָך! ־אָך־אָך !...

א בויגן זיך אין דרייען, א קייקלען זיך אויף דער קאַנאַפּע ביז אראָפּצו — אויף דער פּאָדלאָגע. א קוועקזילבערדיק קוועלן, וואָס שפּארט פון אויגן־נאָז־און־מויל, פונעם גאנצן פּנים און מאכט אויפצאפּלען דעם גוף, ביז, העט, — צום קלענסטן פינגערל פון דער סטאָפּע.

די ערשטע איז געקומען צו זיך דאַנקע. אויסגעווישט די טרערן, האט זי נאָך נאָכגעקרומט א ווײלע:

— ווי־טוש — כאָ־אָדזש!...

מאַן און ווייב האָבן זיך אַרומגענומען און מיט אויגן, ווי ס'זייַנען נאָך געהאָנגען ברעקלעך געלעכטער, האָבן זיי זיך אייַנגעקוקט אייגנס אין ס'אַנדערע.

— — — אַזוי ביסטו, הייסט עס, געווען פאַרליבט אין אַ קאַמ ער... — האָט ער געריצט זיך מיט איר, אַ פאַרווײַלטער.

און דאַנקע, גלעטנדיק זיין צעשמייכלט פּנים, האָט אים צוריקגעשפּילט „אַן אַפּערע":

— — — און דו — ביזט אַן אַלטער גויע...

* * *

דאַנקע איז געווען מיין פריינדין. און נאָכן מלחמה־מבול, אַז איך בין אַרויסגעקראָכן פון מיין תבֿה, האָט צוזאַמען מיט אַנדערע דערינערונגען וועגן נאָענטע, אויפגעטויכט אין מיין דמיון אויך די „קאָמ יסטעריע", וואָס זי האָט אַמאָל אויסגעשפּילט פאַר מיר אויף דער פּיאַנאָ און דאָס אומפאַרשטענדלעכע אינטערפּרעטירט, דערזאָגט מיט ווערטער...

און, גייענדיק מיין איינזאַמען „קבֿר־אָבֿות"־וועג איבער די לאָדזשער גאַסן, ווו ס'האָבן געוווינט מיינע נאָענטסטע, האָט עס מיך טאַקע פאַרטראָגן אויף זאַוואַדזקאַ.

— — — כ'בין געווען אין דער שיינער וווינונג פון מיין פריינדין, נאָר דאָס פאַרליבטע פּאָרפּאָלק מיט די זיסע קינדערלעך האָב איך דאָרט ניט געפונען. די אַלטע פריילין, די זעלבע, וואָס האָט אין דעם „ווימוש, כאָרזש!" אַרייַנגעלייגט, קען זיין, די גאַנצע בענקשאַפט פון איר אַלט־מיידליש האַרץ, דאָס יאָגן זיך נאָך אַ כימערע, וואָס איז אפשר אויפגעגאַנגען אַמאָל אין איר יוגנט און פאַרשוווּנדן — די זעלבע גויע פון פאַר־דער־מלחמה, וואָס איז פאַר דער צייט געוואָרן אַ תושבֿ אין דעם פרעמדן האָב און גוטס, האָט מיר סומנע דערקלערט, אַז די פּאַני איז אַרויס פון דאַנען נאָך אין 1940 און, אויסקייענדיק, האָט זי איר געזאָגט, אַז די שיינע וווינונג מיטן מעבל געהער איר, דער פּאַנגאַ ליוצינאַ, הייסט עס, און קיינער האָט ניט קיין רעכט צו רירן פון דאָ אַ האָר. (אַ פראַגע, צי זי האָט אַזוי געזאָגט, די פּאַני? — אוודאי האָט זי...).

אָפּגעזאָגט, האָט זי קרומלעך געקוקט אויף מיר אַ ווייַלע, ווי דאָס זאָל הייסן:

— אַלץ איז, דוכט זיך, קלאָר; אָדער, — דאַרפסט איר אפשר

נאָך עפּעס וויסן, איידער איר גייט, פון וואנען איר זייט געקומען?
גיין. וואָס איז דאָ נאָך געווען צו וויסן?...
פון די הייליקע בילדער, פון דעם געשמאקלאָזן איבערגעשטעלטן מעבל איז עס אויף מיר געגאנגען, דאס בימערע וויסן, אז דאַנקע איז ניטא מער צווישן די לעבעדיקע, און, אז ניט די גויע קען מיר אָנווייזן, ווו איך זאָל זוכן איר קבר...
נאָך די שווארצע קאַץ, וואָס האָט פּלוצים פאַרבייגעשלייכט מיינע פיס און ארויפגעשפרונגען אויף דער פּיאַנאָ, האט איבערגעשטיגן די מאָס פון מיין פּיין און אנגעפילט דאס הארץ מיט לעסטערונג.
ס'לעבט, הייסט עס, אפילו קאָטער = ווימוש, דער פאַרעלטערטער העלד פון א „ליבעס = מיסטעריע", — בלויז פאר דעם יידישן הויז = געזינט זיינען געווען געשלאסן אלע שערי = רחמים....
א צופרידענע, וואָס איך גיי שוין צו דער טיר און מאָן ביי איר גאָרניט:
— אפשר אביסל וואסער דערלאַנגען? — טוט זי מיר א חסד.
— גארניט — זאג איך, אדער זאג ניט און פייל = פון = בויגן לויף איך טרעפּ = אראָפּ, ווי ס'וואָלטן געיאָגט מיך אלדי רוחות.
איצט בין איך ווידער אונטן.
פאר מיינע אויגן שפּרייט זיך גדלותדיק די גאס מיט גאנצע הייזער, ניט פארטרונקענע פון מבול און מיט פרעמדע, צאפּלדיקע מענטשןשטראָמען, וואס שלענגלען זיך אין אירע איינגעווייידן.
כ'הער, ווי צום טאַקט פון בלויען הימל זינגט א פויגל אויס דעם ריטם פון לעבן און כ'וויים ניט מער: האט די וועלט, וואס איז מיר אונטערגעגאַנגען, איבערהויפּט אמאל עקזיסטירט, אדער, איז אלץ אפשר — — — ניט געשטויגן, ניט געפלויגן?... און איך אליין, מיט מיין אבלות — בין אויך ניט מער, ווי אָ בימערע, וואס ס'איז ניטא אפילו, ווער ס'זאָל זיך נאָך איר יאָגן?....

# דאָס „אייניקל"

— — — קוק=קו! קוק=קו! קוק=קו!...

ווי א קליינער שד'ל, לויפט פארביי דאָרקען, סאמע ביים אויער, דאס דינע, הילכיקע רופן.

און ווידער שטילקייט.

אויף א ווײלע.

באלד הערן זיך אנדערע טענער. א סך פארשיידענע מעלאָדיעס. אמאָל פארטשעפען זיי קוים=קוים די לופט מיט דינע פינגער און א ווײלע שפּעטער קענען זיי גאָר א ריס טאָן ווילד אומזעבארע סטרונעס, ביז צום מיד=ווערן פארהילכנדיק דעם ארום מיט שפרודלדיקע מוזיק=אקאָרדן.

דאָס מיידל נעמט אריין אין זיך דעם קאלײדאָסקאָפּ פון קלאנגען און פארבן און פארשנעלערט דעם גאנג.

פייגל זינגען אוים לידער — ביחידות און זאלבענאנד, ווי ס'לאזט זיך — אליץ איז פאר זיי אן ענין...

ס'לויפט אמאָל א העזעלע פארביי דעם וועג, פלאטערנדיק מיט דראָבנעם ציטער, דער ווינט צעוויגט א צווייגל, א נוס פאלט אראפּ פונעם בוים, מיטשלעפנדיק נאָך זיך א טראָפּן טוי, ס'צעשומיעט זיך א בוים, א צווייטער... ס'שמעקט מיט זשיוויצע, מיט האָניק און ווינט און מיט נאָך עפּעס, וואָס לאָזט זיך ניט פאנגען...

מיט אימבאגרייפבארע פעדים פארייניקט זיך ריח מיט קלאנג. לאווירדט, שלענגלט זיך אין דער פלאנצן־געדיכטעניש, פלאטערט אי־נעם פרימארגן־שיין מיט צארטע תפלות...

דאס הייסט — וואלד... — טראכט ביי זיך דאס מיידל. און טראכט נאך וועגן דעם, אז אין דעם זעלבן וואלד, נאר ווייט־ווייט, ווארט אויף איר די גרויסע משפחה...

דער אלטער „בזשאזא” ווארפט שוין זיכער בליקן אויפן זיי־גער. בגנבה — קיינער זאל עס ניט באמערקן — ווי שטענדיק, בעת זי, דארקע, געפינט זיך הינטערוועגנס...

דאס מיידל שטעלט זיך פאר, ווי די „וואלד־מענטשן” וועלן איר ארומרינגלען, ווען זי וועט קומען אהיים און ס'וועט אוועק א סדרה אפ־לאכן פונעם „זיידן”:

ווי ער האט אומרואיק געגלאצט אויף דער „ציבעלע” און ווען די צייט איז געלאפן און „ס'אייניקל” האט אלץ פון וועג זיך ניט גע־וויזן, איז ער ביין געווארן, דער אלטער, געזידלט זיך, כאטש קוים אים ניט אונטער די אויגן; צום סוף האט ער שוין גאר געשוויגן, טויב און גלייכגילטיק צו אלץ, וואס קומט פאר ארום אים.

דארקע קען דאס אלץ שוין אויף אויסנווייניק, אבער יעדעס מאל פארשאפט עס איר פרייד ווידער צו זיין אינדערהיים און מיט דעם זעלבן, פארכאפטן אטעם, ווי שטענדיק, צו הערן, ווי די חברותא בא־ארבעט דעם אלטן.

און ער גיט בלויז א מאך מיט דער האנט, פארזשמורעט, ווייל־יינגלעריש אן אויג, און:

—אוודאי... — זאגט ער — פון אן אלטן קען מען אפלאכן, וויפל ס'גלוסט זיך: קיינער וועט אים אין שוין ניט נעמען, און אליין איז ער ניט בכוח זיך צו באשיצן...

און אזוי קאמיש קראצט ער זיך דערביי פארלעגן די פאטילי־צע, אז די קאמפאניע פאלט צו דר'ערד פאר געלעכטער...

נאר דערווייל איז די היים נאך ווייט — ווייס דארקע — א שיי־נע פאר שעה וועלן נאך די רגלים דארפן ראמפלען וואלד־ארויפצו — ביז דער זיעמליאנקע.

אמגערנסטן וואלט זי אפגערוט א ווײלע — דאס הארץ פיש־משעט, זיך אוועקצולייגן אויפן קילן מאך. זי איז דאך איינגאנצן ביי־נאכט ניט געשלאפן, ווייל מ'האט באדארפן מיט דער דאקטארשע גיך־

גיך וואַשן די באַנדאַזשן, בכדי מ'זאָל זיי קענען באַנוצן, גלייך ווי זי'ט צוריקקומען אין וואלד.

אָ, ס'וויל זיך אזוי שטארק אָפּרוען א ווײַלע... — מ'טאָר ניט. זיי פלעגן דאָך שטענדיק איר לערנען: דארפסטו עפּעס דערליידיקן, — גיי וואָס גיכער, שטעל זיך ניט אָפּ אויפן וועג! און קערסטו זיך אום, דארף מען זיך אויך ניט זאָמען. אויפן וועג קען דאָך פארשיידנס פּאַסירן, שטענדיק בעסער — גיכער!...

און דאָרקע, געהאָרכזאם צו די עצות פון איר וואלד-משפחה, באקעמפּט דעם חשק אָפּצורוען און פארשנעלערט נאָך מער די טריט.

הינטערן טיכל, וואָס איז פארוואָרפן ביי איר אויף די אקסלען און פארשפּיליעט אויף דער ברוסט מיט אן אגראפקע, רוט דער קליינער נאַגאַן אין קעשענע פון קליידל, צוגעבנדיק קוראזש און זיכערקייט: „בזשאָזאָס" מתנה דעם „אייניקל" אין פאַרטיזאַנקע...

די אויסגעוואשענע באַנדאַזשן, עטוואָס צו שטייף אָנגעצויגן אויפן קערפּער אונטערן קליידל, ברענען די הויט און דאָס קיישל מיט מעדיקאמענטן, צוגעדעקט מיט א שמאטקעלע, (אויפן שמאטקעלע: ברויט מיט חזיר-פעטס, עפּל און נאָכאַמאָל — שמאַטקעלע) הענגט עפּעס שווערער, ווי תמיד אויפן האנט. נאָר דאס איז ניט אזוי וויכטיק. דאָרקען האבן זיך גוט איינגעקריצט אינעם זכרון גוטאַס, דער קראנקנשוועסטערס ווערטער, וואס יענע האט געזאגט, איידער זי, דאָרקע, האָט זיך געלאָזט אין וועג:

— פארגעדענק דיר גוט: מיינע עלטערן זיינען פון די ערשטע אוועק אויפן „אומשלאגפלאץ", מיין מאַן איז אין קאַצעט, איין ברודער און מיין קליין טאָכטערל האבן די אויסוורפן פארפייניקט אויף טויט... אויב וועסט פארשפּעטיקן מיטן דאָקטאָר, וועט אומקומען מיין איינציקער ברודער און די קאָמפּאניע וועט פארלירן א טיכטיקן זעלנער.

און דאָרקע האָט געזען, ווי אין די שווארצע, שטרענגע אויגן פון דער קראנקנשוועסטער גייט אויף א טרער.

ניין, קיין שום מידקייט קען ניט האבן קיין באדייטונג. וויכטיק איז דאָס, אז ווען, דערפילנדיק די אויפגאבע, האט זי זיך פארגנבעט אויפן הויף פון דאָקטאָר גראַבאָווסקי'ס וווינונג און פאָרזיכטיק אריינגעקוקט דורכן פענצטער אינעם צימער, זיינען דאָרט גראָד קיין זייטיקע מענטשן ניט געווען — און זי האָט אָן שום אָפּוואַרטענישן געקענט צוטרעטן צו דערליידיקן איר אויפגאבע. כאָטש דעם פאַן דאָקטאָר האט זי בעת מעשה אינדערהיים ניט געטראָפן, נאָר פאַני אַננאַ, דעם דאָקטאָרס

ווייב, האָט אים אָפּגעזוכט. דער דאָקטאָר האָט אויף גיך פאַרפּאַקט די אינסטרומענטן אין רוקזאַק און גענומען דעם דרך צו „בזשאָזאַ'ן". נאָר זי, דאָרקע, האט נאָך געמוזט בלייבן איבערנאַכט, וואַשן מיט פרוי אַננאַ די באַנדאַזשן, וואָס איר מאַן האט גראָד, שמוציקע, געבראַכט פון שפּיטאַל.

דאָרקע שטעלט זיך אָפּ א ווײַלע, נעמט אַרויס אַן עפּל פון עם קײַשל. זי עסט געשמאַק די פרוכט, זעט, ווי פון דער אויפגייענדיקער זון ווערט זי באַגאָסן מיט ראָזקייט און, ניט צו ווייסן, פאַרוואָס, ווערט איר עפּעס מאָדנע גוט אויפן הארצן.

די מידקייט פילט אָן יעדעס אבר מיט בליי, נאָר זי ווייס, אז עס וואַרט אויף איר דער אָפּרו אין וואַלדישער היים.

— יאָ, — גיט די מחשבה אַן עגבער מיט פײַנלעכער דעריגערונג — געהאַט אַמאָל א היים, אַן אַנדערע, — מיט טאַטע-מאַמע, אייגענע, געטרייע, געווען א קינדהייט, ווי ביי אלע קינדער... נאָר די מלחמה האָט אַזוי אכזריותדיק, אַזוי זינלאָז אַלץ פאַרניכטעט...

דאָרקע האט שטענדיק געמיינט, אז מלחמות קומען פאָר ערגעץ־ווו, ווייט פון מענטשלעכע ישובים, אויף אַזוי גערופענע שלאַכט־פעלדער, ווו ס'פאַלן א סך קרבנות. פאַראַן טויטע, פאַרווונדעטע און געפאַלענע. נאָר דאָס אַלץ רעדט זיך בלויז וועגן זעלנער — מיט דער באַפעלקערונג קער זיך דאָס גאָרניט אָן. אַזוי פלעגן דערציילן די דערוואַקסענע.

אָבער די איצטיקע מלחמה האט זיך ווילד אַרייַנגעריסן סאַמע אין איר שטעטל, ווו זי האט אַזוי געמיטלעך געלעבט מיט טאַטע־מאַמע. אַרייַנגעריסן זיך מיט באָמבע־אויפרייסן און מיט שריפות, וואָס האָבן אייַנגעשלונגען א סך הייזער און אומשולדיקע מענטשלעכע לעבנס. ווייל מיט וואָס האט זיך פאַרזינדיקט ביים שונא א קינד, למשל, אָדער אַן אַלטער מאַן?... — האָט דאָרקע אין איר פאַרצווייפלונג געמוזט פרעגן ביי זיך און ביי אַנדערע און ניט געקענט זיך דערשלאָגן אַן ענטפער.

נאָר שפּעטער האט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז נאָך ווייט ניט געווען דאָס ערגסטע: ניט אַלע הייזער זייַנען דאָך פאַרברענט געוואָרן און א סך מענטשן האָבן פונדעסטוועגן אָפּגעראַטעוועט זייער לעבן.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האט די מלחמה ערשט אָנגעהויבן באַוויַיזן איר ריכטיקן פּרצוף: מיט טאַנקען צעאַקערט די גאַסן פון שטעטל

און אין זייער וואַכעדיקן טאָג גענומען אריינגלאָצן מיט די שליפּיעס פון
דייטשישן מערדער.

דעמאָלט האָט דאָרקע דערוווּסט זיך א סך נייע זאכן: אז ווען
א דייטש גייט פארביי אויפן טראָטואַר, מוזן די נאָענטסטע דורכגייער,
סיי יידן, סיי פּאָליאַקן, גלייך אראָפּגיין פונעם טראָטואַר; אז פּאָליאַקן
זיינען א נידעריקערע ראַסע און יידן — די סאַמע נידעריקסטע; אז מ'אָרדנט
איין אָבלאַוועס אויף מענטשן, בכדי אוועקצופירן זיי, ניט צו וויסן, נאָכ-
וואָס און וווּהין; אז פאר גארניט קען מען שפּייען אין פּנים, שלאָגן, אדער
הענגען די יעניקע, וואָס זיינען ניט קיין דייטשן...

נאָך א סך ווילדע „אמתן" פון דעם זעלבן שניט, האָט דאָס
מיידל דערוווּסט זיך אין יענע גרויזאַמע טעג, „אמתן", פון וועלכע די
מאַמע פלעגט לכתחילה וויינען. נאָר שפּעטער, אז ס'זיינען געווען אויס-
געוויינט אלע טרערן, איז זי געוואָרן מאָדנע שווייגנדיק און פארביסן;
זי האָט בלויז ניט אויפגעהערט צו זינגען אירע הערלעכע לידער. נאָר
איצט פלעגט זי אויסקלייבן די טרויעריקסטע, געזונגען זיי שטיל, מיט
איר זאַנפטער שטימע — און דאָרקען האָט זיך געוואָלט דערפון ווייּ-
נען אָן אָפּהאלט, קיינמאָל ניט אויפהערן...

די מאַמע האָט אויך ניט פארוואָרפן אירע מעשה'לעך, אויס-
טראכטנדיק אלעמאָל פאר דאָרקען אלץ נייע און שענערע — און דאָרקע
האָט פיל גערנער אויסגעהערט די מעשה'לעך, ווי די לעקציעס אין שולע.

איינמאָל האָט איר די מאַמע דערציילט א מעשה'לע וועגן א זינ-
גענדיקן בוים, וואָס האָט אין גרויסן שטורעם פארלוירן אלע זיינע בלע-
טער און א סך צווייגן.

ס'גייען פארביי פרילינגס און זומערס, הארבסטן און ווינטערס
און דער בוים שטייט אלץ א נאקעטער, קען ניט בליען... דער ווינט
בויגט אין אלע זייטן דעם שפּיץ פון שלאנקן בוים און פראַוועט ווילדע
קונצן מיט די עטלעכע פארדארטע צווייגן.

דעם בוים טוט שטארק וויי זיין מצב. דער בוים יאָמערט, גיסט
אויס אין וויינען זיין תפלה, זינגט א ליד פון בענקשאַפט נאָך בליונג...

און די צווייגן, בלעטער, אין שטורעם פון שטאַם אָפּגעפּליקטע,
וואָגלען פארחושכטע איבער וועלטן. הינטער זיבן בערג, הינטער זיבן
ימים — ווייט האָט דער ווינט זיי פארטראָגן... הארב איז זייער גורל:
די פרעמדע זון ברענט אויס די גלידער, רעגן און שניי שמייסן אָן רח-
מנות און בייזוויליקע מענטשן ברעכן, רייסן זיי אין שטיקער. א סך האבן

דעם קבר אויף פרעמדער ערד געפונען, אנדערע זיינען לעבן־געבליבן.

. דורך זיבן בערג און זיבן ימים הערן די בלעטער דאָס ליד פון זינגענדיקן בוים, דעם רוף נאָך בליונג... דאס דאזיקע ליד גיט כוח אויס־צוהאלטן פורעניות. זיי באמיען זיך צו דערהאלטן דעם קיום, בכדי אויפ־סניי מיטן שטאָם זיך צו באהעפטן און, אין איינעם א פרילינג, באלעבן דעם בוים מיט בליונג...

אזוי פלעגט איר די מאמע דערציילן מעשהלעך וועגן דער ערד פון ישראל, ווו קינדער וואקסן שטעכיקע פאַר אלערליי שונאים, ווי סאַברעס און טראָגן וווּנדערבארע, שטאָלצע נעמען...

די אלע מעשה׳לעך וואַרעמען היינט, מער ווי שטענדיק, דעם מיידלס האַרץ און מיט צאַרטן האָפענונגס־פאָדעם וועבן זיי זיך אריין אין דער צוקונפט.

מיטן בושעווען פון די דייטשן אינעם שטעטל, האט א סך אין זייער הויז זיך געענדערט; צו דער מאמע פלעגן קומען ביינאכט מענטשן, באקאנטע און אינגאנצן פרעמדע, וואָס דאָרקע האט קיינמאָל ביז דאַן ניט געזען:

געווען דער הויכער און דיקער, גוטמוטיקער פויער מיט לאנגע וואָנצעס, וועלכן מ׳האט גערופן „בזשאָזאַ," געווען שימעק, וועלכן דער דאָקטאָר האט היינט אָפערירט. טיילמאָל פלעגט אויך קומען גוטא, זיין שוועסטער, — נאָר גאנץ זעלטן און יעדעס מאָל האט זי זיך שטארק געאיילט צו גיין צוריק. ס׳פלעגט געזאגט ווערן, אז ד אָ ר ט קען מען זיך אָן איר ניט באגיין. דאָרקע האט ניט געהאט די מינדסטע אנונג, וואָס איז עס פאַרא „דאָרט" און ווו דאס קען זיך ערגעץ געפינען...

זיי פלעגן זיך פארשליסן מיט דער מאמע אינעם לעצטן צימער, געשושקעט זיך איינדערשטיל און איר, דאָרקען, האבן זיי געהייסן זיצן ביי דער איינגאנג־טיר — גוט זיך איינהערן, צי גייט ניט עמיץ אויף די טרעפ און, דער עיקר, קיינעם ניט דערציילן...

זי האט געפילט, אז איר אויפגאבע מוז אויך זיין פון די וויכ־טיקע, נאר וואס דאס אלץ קען באדייטן — דאס האט זי בשום אופן ניט געקענט באגרייפן...

ווען דאָרקע פלעגט מיט א קלאפ אין טיר מודיע זיין, אז עמיץ גייט, פלעגן די מענטשן פון דער סודות־וועלט גלייך אוועק מיט דער הינטער־טיר. טיילמאָל פלעגן זיי אויך מיטנעמען מיט זיך איר פאָטער, אָדער זיין פריינט, ד"ר גראבאָווסקי.

די מאמע פלעגט דאן שטענדיק זיין פארנומען. מיט פרוי אַננאַ, דער דאָקטאָראָווע, האט זי גענייט וואַרעמע וועש, געגאנגען איינקויפן, תמיד שטילערהייט וועגן עפעס זיך בּאראטן, עפעס = וואָס דערליידיקט...

אינעם וועש = קאָרב, אין קעמערל, וואס איז שטענדיק פארלייגט געווען מיט האָלץ, האבן גענומען זיך אויסבּאַהאלטן עפּעס אויסטערלישע פעקלעך, נאָך וועלכע ס'פלעגט פון צייט צו צייט קומען א געלער, יידישער בחור און טײלמאָל פרויען, באקאנטע, פון שטעטל.

דאָרע איז פון דער הויט געשפּרונגען צו דערגיין דעם סוד פון דעם אלעם און בשום אופן ניט געקענט לייזן דאס רעטעניש. לכתחילה האט זי געמיינט, אז די מוטער וועט עם איר אליין דערקלערן — זי פלעגט דאָך איר אלץ, דוכט זיך, דערציילן...

אבער וואָכן זיינען פארגאנגען און די מאמע האט אלץ וועגן דעם געשוויגן. ביז די קליינע איז צוגעשטאנען צו איר מיט פראגן.

ערשט דעמאלט האט די מאַמע דערציילט דאָרקען בסוד = סודות וועגן די מענטשן, וואָס, ניט = געראָפענע פון קיין שום באפעלן, זיינען אוועק אין די וועלדער און פון דאָרט קעמפן זיי קעגן שונא...

איצט האט דאָרע עפּעס וואָס שוין פארשטאנען. אין די אָוונטן פלעגט זי לאנג ניט קענען איינשלאָפן, פלאַטערנדיק פארן גורל פון יענע, אין די וועלדער. און בייגאכט האבן זיך איר געחלומט פארביסענע שלאכטן, אין וועלכע ס'זיגן די „וואלד = מענטשן" און ס'פאלן אויפן קריגספלאץ סאמע דייטשן...

איצט, אז דער טאטע, אָדער דאָקטאָר גראַבּאָווסקי, פלעגן אוועקגיין אויף בייגאכט, האט זי געוווּסט, אז אין „בּזשאָזאס" אָפּטיילונג איז עמיץ קראנק, אָדער שווער פארוואונדעט.

איינמאָל איז מיט א וויכטיקער שליחות געקומען דעם דאָקטאָר גראַבּאָווסקי'ס זון. דעמאָלט האט דאָרקע פארשטאנען, אז זיגמונט, וואס איז שוין לאנג פארשוואונדן פוּנדערהיים, איז אויך איינער פון די „וואלד = מענטשן"...

היינט לעבט ער ניט מער, דער זעלבער בלוי = אויגיקער זיגמונט. אין איינעם פון די לעצטע קאמפן איז ער געפאלן — נאָך פרוי אַננאַ וויים נאָכניט דערוועגן...

שפּעטער האבן די דייטשן אזוי גענומען ווילדעווען אינעם שטעטל, אז ס'איז געוואָרן שווער צו ווייזן זיך אין גאַס.

ביי דער מאַמע האט אלץ אָפטער א קליין קנייטשעלע אוועקגע=

שטעלט זיך צווישן די ברעמען. די גרויע אויגן פלעגן ווערן גרין און לייכטן נאך שטארקער, ווי תמיד, ווי ס'וואלט אין זיי געברענט א פייער. טייל מאָל פלעגט זי אזוי פעסט פארבייסן מיט די ציין די אונטערשטע ליפּ, אז אויף דעם אָרט האט זיך באוויזן א קליינער טראָפּן בלוט...

און ווען דער שונא איז איינגאנצן ווילד געווארן און אין מאמעס אויגן גענומען שיסן קליינע קינדער, האט די מאמע איינמאָל געפרעגט ביי דאָריקען, צי וואָלט זי געוואָלט מיט די עלטערן אוועק צו די „וואלד־מענטשן."

די קליינע האט זיך איר געוואָרפן אויפן האלדז און שטורמיש ארויסגעוויזן איר צופרידנקייט. אבער די מוטער האט איר געגעבן צו פארשטיין, אז ס'דערווארטן זיי דארט גרויסע שוועריקייטן און געפארן, אז זי, דאָרקע, קען בלייבן אָן עלטערן, אָדער אליין, חלילה, אומקומען.

דעמאָלט איז ס'מיידל געווארן אין כעס און דערמאָנט, אז די מאמע האט דאָך ניט איינמאָל געזאָגט: ס'איז לייכטער אין די וועלדער צו קעמפן, ווי אין שטעט און שטעטלעך אומקומען פאר גאָרניט. האט די מאמע איר בלויז א קוש געטאָן און מיט דעם האט זיך דער שמועס געענדיקט.

צומאָרגנס איז געקומען „בזשאָזא" און דאָרקע האט געהאט א פאָרגעפיל, אז זיי וועלן ריידן וועגן דעם זעלבן. זי האט אבער געוואלט וויסן אויף זיכער און איז באַגאַנגען דעם דאָפּלטן חטא: געוואָרפן דעם פאָסטן פון וועכטער ביי דער אריינגאנגס־טיר, שטיל, אויף די שפּיץ־פינגער, דורכגעשלייכט זיך דורכן קאָרידאָר און צוגעלייגט דאס אויער צו דער טיר, הינטער וועלכער די מאמע האט זיך פארשלאָסן מיט „בזשאָזאָ'ן."

ניין, זי האט ניט געהאט קיין טעות, דאָרע:

די מאמע האט אנגעהויבן פון דעם, אז ווייטער קען אזוי ניט זיין. אז זי שטיקט זיך, אז זי מוז אוועק אין וואלד...

נאָר „בזשאָזא" האט איר ניט געלאָזט ענדיקן און דערקלערט, אז ער איז דערויף ניט מסכים, ווייל זי איז דאָ, אויפן אָרט, נויטיק פאר דער זאַך...

דאן האט די מאמע, אן אויפגערעגטע, גענומען אויסטייטשן, אז סיי־ווי־סיי וועט זי לענגער ניט אויסהאלטן, וועט אָפּטאָן עפּעס א נאַ־רישקייט און די דייטשן וועלן איר אויספארטיקן אויף זייער שטייגער און דעמאָלט וועלן אונדזערע באמת פארלירן א מענטשן... זי האט זיך ביי

אים געבעטן מיט עפעס אַ פרעמד קול, ווי זי וואָלט געוויינט — און אז „בזשאַזאַ" האָט אַלץ ניט נאָכגעגעבן, איז די מאַמע אַזוי אויפגעבראַכט געוואָרן, אַז זי האָט, ווייזט אויס, אינגאַנצן פאַרגעסן צו זיין פּאַרזיכ־טיק, גענומען קלאַפּן מיטן פויסט אין טיש און ריידן גאַנץ הויך: אַז „בזשאַזאַ" איז אַ גרויזאַמער מענטש און אַז סוף־כל־סוף טאָר ער ניט פאַרגעסן, אַז זיי זיינען ייִדן און אַלס אַזעלכע זיינען סיי־ווי זייערע טעג געציילטע.

איבעריקנס, אויב ער וועט זיי ניט נעמען צו זיך, וועלן זיי מוזן גיין אין אַן אַנדערע אָפּטיילונג און ער, „בזשאַזאַ," וואָס ווייס די באַציונג פון אַנדערע פּאָליאַקן צו ייִדן, פאַרשטייט מסתמא, מיט וואָס אַזאַ זאַך קען זיך ענדיקן. אַז צוליב דעם אַליין...

נאָר דאָרקע האָט ניט געקענט אויסהערן ביזן סוף, ווייל זי האָט זיך פּלוצים דערמאָנט, אַז זי האָט אַזוי אומפאַראַנטוואָרטלעך געלאָזן אָן שמירה די טיר און גיך צוריקגעלאָפן פאַרנעמען איר אָרט.

יענע נאַכט האָט זי לאַנג ניט געקענט איינשלאָפן און אַז זי איז שוין ענדלעך איינגעדרימלט, איז עס ניט געווען קיין גוטער, רואיקער שלאָף. אין חלום האָט זי געהערט דער מוטערס געוויין און „בזשאַזאַס:" — ניין. דו מוזט נאָך בלייבן!...

צומאָרגנס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז דער מוטערס פּנים זעט טאַקע אויס, ווי זי וואָלט אַ גאַנצע נאַכט געוויינט...

דאָרקע האָט געפילט עפּעס אַזאַ ווייטיק צוליב דער מאַמען, און פון דאַן אָן איז „בזשאַזאַ" געוואָרן פאַר איר די פאַרקערפּערונג פון דער גרעסטער אכזריות. פון גאַנצן האַרץ האָט זי אים דעמאָלט גע־וואונטשן, ער זאָל אויך אַמאָל פילן דער מאַמעס טעם...

— — — אַ בין האָט מיטן פליגעלע פאַרטשעפּעט דאָרקעס האָר און איז פאַרפלויגן מיט אַ שטילן זשומען. די קליינע געשעעניש האָט אויף אַ קורצע ווײַלע איבערגעריסן די טראַכטענישן וועגן דעם, וואָס איז לאַנג שוין פאַרביי, נאָר ס'דוכט זיך — ס'איז געווען ערשט נעכטן...

ניטאָ שוין די בין און דאָרקע טראַכט ווייטער אירע טראַכטע־נישן: וועגן פוילן, וואָס דער שונא האָט זיך גענומען צו פאַרוויסטן, וועגן אירע שטאָט־ברידער, וואָס פאַרגייען טאָג־טעגלעך מיטן רויך אין עפּעס משונה'דיקע קרעמאַטאָריעס, וועגן דעם ווייטן לאַנד פון סאַברעס, וואָס שפּייזט איר אַלץ מער מיט האָפענונג און וועגן דער טייערסטער פון אַלע,

וואס האט מיט יארן צוריק איינגעפלאַנצט אין איר קינדיש הארץ די דאזיקע האפענונג...

זי ווייס, אז דער געפּל־שלייער פון האלבוועגן גוטע טראכטענישן איז לאנג שוין צערונען און באַלד וועט זי ווידעראמאָל מוזן איבערלעבן דעם שרעקלעכסטן ווייטיק, וואס וועט מיט אייביקן פלאם פארצערן איר נשמה...

ניין. זי וויל ניט, ווערט זיך מיט אלע כוחות, פארשליסט די אויגן, וויל פארשליסן אויך די נשמה, ניט דערלאָזן צו זיך די קאָשמארדיקע בילדער. אומזיסט. אוים פינצטערע באהעלטענישן פון פארגאנגענער צייט, פון עפעס אָפּגרונטן טיפע, שטייען זיי אויף, רוקן זיך אלץ נענטער צו איר, אָט האלטן זיי איר שוין איינגאנצן געפאנגען. ניטאָ קיין אנטרי־נונג: ווי א פאר׳משפט׳ער זיין קאטאָרגע, אזוי איז איר באשערט צו שלעפן אין זיך די לאסט פון איבערלעבונגען, ביז צום טויט מסתמא...

די מאמע איז געווען געהרגעט. זיי האבן באדארפן אוועק אין וואלד, איידער ס׳איז שפעט געוואָרן. פאַרט איז „בזשאָזא” אביסל שול־דיק, נאָר דאָרקע קען ניט טראָגן קיין בייז הארץ אויפן אלטן.

אין עטלעכע טעג נאָך יענעם שטורמישן, גוצלאָזן געשפּרעד, וואָס דאָרקע האט אונטערגעהערט, פארנאכלעסיקנדיק דאס היטן דעם הויפּט־איינגאנג, זיינען עטלעכע דייטשן אריין צו זיי אין דער וווינונג (דער טא־טע איז גראָד געווען ביי א קראנקן).

איינער האט אויסגעשריען:

— יודע?!... — און, ניט ווארטנדיק אויף קיין ענטפער, מיטן פויסט דערלאנגט דער מאמען אין דער ברוסט.

דאָרקע האט זיך צעיאָמערט, געוואָרפן זיך צו דער מאמען — נאָר עמיץ אין ברילן אויף א פלאַטשיקער נאָז, האט מיאוס זיך פאנאנ־דערגעלאכט:

— האַסטו, קליינע יודע, בעקאָם!... האט ער געזאָגט און מיט עפעס הארטעס דערלאנגט איר אין שטערן. ס׳האָט ניט וויי־געטאָן — זי האט גאָרניט געפילט. אלץ האט איצט געגומען געשען מאָדנע בליץ־שנעל:

איר מאמע, וואס האט געקענט דערציילן אזעלכע וווּנדערבארע מעשה׳לעך, האבן די מנוולים ארויסגעשלעפּט אין גאס און אין א מין טייוולאָנישער פּראָצעסיע געגומען טרייבן אין דער ריכטונג פון מארק־פלאַץ.

דאָרקע האָט געוואָלט זיין צוזאמען מיט דער מאמען, וויינענדיק, נאָך איר געלאָפן, געטוליעט זיך צו איר קלייד, אבער די דייטשן האבן איר אָפּגעשטופּט, ניט צוגעלאָזן נאענט צו דער מוטער.

די מאמע האָט אויסגעזען צו זיין רואיק, נאָר זייער בלייך און שענער נאָך, ווי תמיד. די לאנגע האָר האבן זיך ביי איר פאנאנדערגע־לאָזן און ווי א ווייסער פלאַם געשפּילט אויפן ווינט.

זיי האבן איר אונטערגעטריבן מיט די קאָלבעס און זי איז גע־גאנגען אן אויסגעגלייכטע און אין זייערע עקלהאפטע מאָרדעס געוואָרפן ווערטער, וועמענס זין דאָרקע האָט כמעט ניט פאַרשטאַנען.

און די רוצחים האבן בלויז געקריצט מיט די ציין: — פערפלוכ־טע! — געשריען און געטריבן איר נאָך האסטיקער.

א סך פרויען זיינען נאכגעגאנגען אין דער שרעקלעכער פּראָצע־סיע. צעשראָקן זיינען זיי געווען און בייז, פול שנאה צו די דייטשן. אלע זיינען געווען אייגענע, אָבער קיינער האָט ניט געקענט העלפן דער מאמען. מאנכע האבן געוויינט...

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום מארק־פּלאַץ, האבן די דייטשן אומגעוואָרפן די מאמע אויף דר'ערד. זי האָט זיך געווערט, געביסן מיט די ציין, געשלאָגן זיי מיט פויסטן, געקאָפּעט מיט די פיס. זיי האבן איר פעסט געהאלטן. צום סוף זיינען זיי געווארן אומגעדולדיק — איינער האָט איר א זעץ געטאָן אין שלייף.

די מאמע האָט גלייך אויפגעהערט זיך צו ראנגלען. זי איז איצט געלעגן אומבאוועגלעך — די אויגן זיינען געווען פארמאכט, פון איינעם האָט, צום שלייף־צו, געקייקלט זיך א טרער.

און מיטאמאָל איז שטיל געווארן, ווי אין דער קירכע, ווו זי איז אמאָל געווען מיט די אנדערע שול־קינדער, — אויף דער לויה פון זייער לערער.

אפשר לעב איך ניט מער? אפשר בין איך אויך שוין געשטארבן, ווי דער לערער?... — האָט דאָרקע א טראכט געטאָן און דערזען, ווי דער מיט די ברילן אויף דער פלאַטשיקער נאָז, וואָס שטייט אומ־באענטסטן איבער דער מאמען, לאכט זיך גראָב פאנאנדער, בויגט זיך איין און נעמט רייסן פון איר די קליידער.

— מאַמ־מע... וואָס וועט זיין איצטער? וועט ער — שלאָגן?...

—האָט עפּעס א ריס געטאָן זיך אין דער קליינער און זי האָט דערפילט איר אייגן הארץ פארקוועטשט אין דער ברוסט, ווי א פויסט.

פון יענעם מאָמענט אָן, איז אַלץ שוין פארגעקומען עפּעס אזוי ווייט, ווי הינטער א נעפּל:

דער טאַטע, אָן הוט, אָן דעם געווײַנלעכן שטעקן אין האַנט, האט פּלוצים פאַנאַנדערגעשטופּט דעם עולם, דעם דייטש, וואס איז געשטאַנען איבער דער מאמען, מיטן פויסט א זעץ געטאָן אין פּנים, — די ברילן האבן מיט געבראַזג אראָפּגעקייקלט זיך אויף דר'ערד; און צוזאַמען מיט די ברילן, האט זי אליין, דאָרקע, זיך גענומען ערגעץ קייקלען...

אין מויל האט א מאָדנע ביטערקייט זיך פארקליבן. אין אויער האבן גלאָקן געקלונגען. אונטער איר איז אן אָפּגרונט און דאָרקע פאלט אין אים, פאלט, און קען ניט אראָפּפאַלן אינגאנצן. עפּעס א פייפעריי, קולות, א געבראַזג פון גלאָז, האלט איר אינדערהעלפט וועג און לאָזט ניט אראָפּקייקלען זיך אין אָפּגרונט.

נאָר איינציקווייז פארשווינדן אלע שטערונגען; דאָרקע געפינט זיך שוין אין אָפּגרונט — טיף, טיף, וווּ ס'איז אינגאנצן פינצטער און ס'געשעט מער גאָרניט.

און ווידער געשעט עפּעס מיט איר: אויף גוטע הענט, ווי אויף א שיפל, שווימט זי אלץ העכער און העכער, באַרג-ארויפצו, וווּ ס'איז קאלט אזוי, און הארט צו ליגן און ס'קלאַפּט א צאָן אן א צאָן; נאָר ארום געשעען וווּנדערלעכע זאכן: מאמע איז צווישן סאַברעס א זינגענדיקער בוים און רופט דאָרקען צו זיך. טאטע פירט וואלד-מענטשן צום קאמף. פון לאַנד איז פארטריבן דער שונא... אינעם גרינס פון בלעטער וויגט זיך דער זינגענדיקער בוים, — דער מאמעס האָר פלאַטערן אויף זיין שפּיץ, ווי א פאָן. צי האָט ווער בארירט איר האנט?...

— מיכאַל! דאָס קינד האט געעפנט די אויגן...

אויף א ווײַלע האבן די פּנימער פון דאָקטאָר גראַבאָווסקי און זיין פרוי, באוויזן זיך פאר דאָרקעס אויגן, ווי דורך א שמוציקע שויב. זי וויל אויפהויבן די האַנט, אָפּווישן די שויב, בכדי בעסער צו זען די פּנימער און קען ניט.

זי האט זיך לייכט צעשמייכלט. אפשר דערפאַר, וואס ארום איר איז געוואָרן טאָג?.. נאָר באלד האט זי זיך דערמאנט, אז דעם היינטיקן טאָג און אלע אנדערע, וועט זי מוזן דורכגיין אָן טאטע-מאמע, איינע אליין. און זי האט זיך פאַנאַנדערגעוויינט, גלייך, זי וואָלט נאָכניט אויפגעהערט צו זיין א קינד.

פארוואָס האבן זיי איר ארויסגעשלעפּט פונעם אָפּגרונט? פאר-

וואָס לאָזן זיי איר ניט שלאָפֿן — צוגלייך מיט די עלטערן?...

— צי האָט מען זיי קובר געווען? — האָט זי געמיינט צו פֿרעגן. נאָר די פֿראַגע האָט פּעסט געשטעקט אין איר קעל, ניט גע־וואָלט זיך אויפֿלייזן אינעם קלאַנג. זי האָט געוואָלט נאָכאַמאָל פֿרעגן, אפֿשר וועט עמיץ דערהערן — געפּרוּווט באַוועגן די ליפּן, א ווײַלע געדרייט מיטן צונג.

פֿרוי אַננאַ האָט זיך טיפֿער געבויגן איבערן בעט, פּאַן מיכאַל האָט געהאַלטן איר האַנט אין זײַנער.

— דאָס קינד שלאָפֿט... — איז, ווי דורך א וואַטע־פֿילטער, דערגאַנגען צו איר פֿרוי אַננאַ'ס קול.

— וויאַזוי קען זי שלאָפֿן, אז זי הערט? — איז זי געווען גיי־גיריק צו וויסן, נאָר ניט באַוויזן צו דערטראַכטן דעם געדאַנק ביזן סוף: דער וואַטענער פֿילטער האָט מער ניט דורכגעלאָזן קיין ברעקע־לע קלאַנג. די שטילקייט האָט איר אײַנגענומען — זי איז פֿאַרזונקען אין שלאָף...

אַז זי האָט אויפֿגעוואַכט, איז געווען אַן אַנדערער טאָג און בײַ־דע זײַנען ווידער געזעסן איבער איר בעט.

— איך וויל אַהיים, צו טאַטע־מאַמע... — האָט זי געזאָגט, און דאַסמאָל האָט מען געקענט דײַטלעך פֿאַרנעמען איר קול.

נאָר דער דאָקטאָר איז כּלומרשט געוואָרן אין כּעס און גע־זאָגט, אז ניט צוליב דעם זײַנען זיי נעכטן ניט געשלאָפֿן און אַרויסגע־ריסן איר פֿון די נעגל בײַם טויט, אז זי זאָל זיי דאָ פּלאַפּלען אַזעלכע נאַרישקייטן. איבעריקנס, טאָר זי אַזוי ניט טראַכטן, ווײַל זי איז נויטיק פֿאַר דער זאַך, און אַז ווי נאָר זי וועט רעכט געזונט ווערן, וועט „בזשאָ־זאַ" איר מיטנעמען אין וואַלד. סײַדן, זי וויל בעסער בלײַבן בײַ זיי אין הויז — זיי וועלן זײַן גליקלעך צו האָבן איר בײַ זיך.

דאָרקע האָט האַסטיק אָפּגעזאָגט.

איר בליק איז געפֿאַלן אויף פֿרוי אַננאַס פּנים, בלייך און אָפּגע־מאָגערט פֿאַר דער צייט, מיט טונקעלע שאָטנס אונטער די אויגן. אויך פּאַן מיכאַל האָט אויסגעזען ניט וואַזשנע. זי האָט אויפֿגעכאַפּט דעם צער אין זייערע בײדנס בליקן און האָט זיך א ווײַלע פֿאַרלוירן. נאָר באַלד איז איר אײַנגעפֿאַלן, אַז ס'איז ניטאָ קיין אַנדערע ברירה.

זי האָט אויסגעשטרעקט איר הענטל נאָך פֿרוי אַננאַס, וואָס האָט

מיטן האנטוך, אייגנגעצט אין עפּעס אַן אָפּפּרישנדיקער פּליסיקייט, אָפּ־געווישט דער מיידלס פּנים.

— ניין. זאָלן זיי איר מוחל זיין, נאָר זי וויל צו די „וואַלד־מענטשן"...

— וועט זי גיין, — האָט איר דער דאָקטאָר פאַרזיכערט, און דאָרקע האָט זיך בארואיקט.

שפּעטער, אַז איר געזונט־צושטאַנד האָט ניט ארויסגערופן מער קיין באַאומרואיקונג און זי האָט געוואָלט וויסן אַלץ, וואָס האָט געקענט האָבן עפּעס אַ שייכות צו די עלטערן, האָט פרוי אַנגאַ איר אויך דער־ציילט, ווי „בזשאָזאַ" איז געקומען אינעם שטעטל און, דערוויסנדיק זיך וועגן אומגליק, איז ער געוואָרן אויפגעקאָכט פון כעס און, ווי אַ משוגענער, געלאָפן צוריק אין וואַלד אריין. ער האָט זיך אַזוי איבערגענומען, אַז ער איז גלייך אַוועקגעפאַלן שלאָפן. (אַזאַ טבע ביי אים). געשלאָפן אַ גאַנצן מעת־לעת — קיינער האָט ניט געוואַגט אים צו וועקן... נאָכן אויפוואַכן האָט ער צונויפגערופן די חברה און אַלץ זיי דערציילט „פּאַד־ראָבנע".

— אַזוי און אַזוי, זינעלעך! — האָט ער באַפוילן — מען דאַרף פאַרווירקלעכן די לעצטע ווערטער אירע. אַ צענטליק — ניט ווייניקער...

אַלץ געגוי דורכגעטראַכט, דעם טעלעפאָן, ווי ס'דאַרף זיין, איבער־געריסן אין שטעטל, בכדי די יעקעס זאָלן ניט קענען ארויסרופן קיין הילף און אונטערן פאַרהאַנג פון נאַכט פאַרקליבן זיך אין שטאָט, אָנ־געפאַלן אויפן שטאַב. זיי האָבן זיך אָפּגערעכנט מיט די דייטשן, זי מעג עס גלויבן... בלויז די קאַנאַליע מיט דער פלאַטשיקער נאָז האָט זיך זיי ארויסגעגלימשט פון די הענט, נאָר קיין הילף ניט באַוויזן צו ברענגען. אונדזערע האָבן דערפילט די אויפגאַבע און אומגעקערט זיך אין וואַלד אריין.

צום ערשטן מאָל איז געווען אַ תענוג צו קוקן אויף דייטשן, ווי זיי וואַלגערן זיך, טויטע און פאַרוווּנדעטע, אין שטאַב גופא און אויפן פּלאַץ: דער חשבון האָט געשטימט: — בלויז דערהרגעטע האָט מען צו־מאָרגנס אָפּגעציילט 14.

פרוי גראַבאָווסקאַ האָט דערציילט און אין דאָרקען איז אויפגע־גאַנגען אַ מין טרויעריקער שטאָלץ, וואָס זיי האָבן אַזוי אָפּגעצאָלט פאַר אירע עלטערנס טויט.

דערנאָך האָט זיך אנגעהויבן פאר איר א ניי לעבן: „בזשאָזאַ" האָט איר גענומען צו זיך.

לכתחילה האָט מען איר אין וואַלד־אַבאָז טראַקטירט, ווי א קינד. ביי יעדער געלעגנהייט האָבן חברה געבראַכט פאר איר א בעסערן ביסן, געזאָרגט, זי זאָל האָבן א גוט געלעגער וכדומה. דערנאָך האָט מען איר געגעבן וועש צו פאַריכטן און אויסגעלערנט מעלקן די קי, אבער אויף ארבעט האָט מען איר אלץ ניט געשיקט.

צום סוף איז זי געוואָרן אומגעדולדיק און דערקלערט, אז ס'איז שוין צייט איר אויסצולערנען טאָן עפּעס ריכטיקס.

„בזשאָזאַ" האָט בכלל ניט געהאַט קיין חשק צו שיקן דאָס מיידל אויף ארבעט, אבער ווען די קליינע האָט מיט א בייז פייערל אין די אויגן דערמאָנט, אז ניט דערפאר זייגען אירע עלטערן פארפייניקט געוואָרן דורך די מערדער, אז קיין איינער פון יענע זאָל פון אירע הענט ניט פאַלן, — האָט דער אלטער זיך מער ניט אנטקעגנגעשטעלט.

פלעגט מען איר שיקן אין שכנותדיקע שטעט דערליידיקן פאר־שיידענע ענינים. דערנאָך האָט זי זיך אויסגעלערנט שיסן, אומגיין מיט מינעס און איז געוואָרן א פאַלנע פארטיזאַנקע...

דאָרקע איז דורך די דריי יאָר אויסגעוואַקסן, געוואָרן רייף. זי איז איצט אלט 16 יאָר. אויב מיט שיסעקן וועט אלץ גיין כשורה, וועט מען מאָרגן פייערן איר געבורטסטאָג. „בזשאָזאַ" האָט נעכטן באצייטנס אוועקגעשיקט א פּאָר ייגגען אין שטעטל, — איינצושאַפן בראָנפן. יע־דעס יאָר פארטראַכט ער עפּעס אן אויפגאַבע, ספּעציעל פאר דעם טאָג — אויסער דער הוליאַנקע. פאראיאָרן האָבן זיי ארונטערגעלאָזן פון די שינעס א צוג, וואָס האָט געאיילט צום אָסט־פראָנט מיט אמוניציע. וואָס פארא „געבראָטנס" וועט דער „זיידע" פארגרייטן די יעקעס אויף מאָרגן?...

איצט, אז ס'קומען אלץ אָפטער יידישע בחורים און מיידלעך און ברענגען אלץ שרעקלעכערע ידיעות וועגן „יודן־ריינע" שטעט און שטעטלעך, וויים זי, דאָרקע, אז זי האָט פאר זיך איין ציל: נקמה. נקמה נעמען וואָס מערער, — אין דעם האָט איר לעבן א זין. און אויב ס'וועט אויסקומען צו פאַלן, וועט האָבן א זין אויך איר טויט...

נאָך דערווייל איז זי זייער מיד און האָט נאָר איין פארלאַנג: אוועקלייגן זיך און שלאָפן.

אונטער די באַנדאַזשן ברענט אלץ שטאַרקער דאָס לייב און די

פּאַטשיילע גיט נאָך צו איבעריקע וואַרעמקייט. נאָר אויסטאָן טאָר מען ניט: ס'אַ נויטיקע פאַרמאַסקירונג פונעם גאַנאַן, וואָס טוליעט זיך צו איר קליידל.

די זון, א גליענדיקע האָלאָוועשקע, שווימט און לעשט זיך ניט אויף הימלס קלאָרע ים'ען, צו אומבאַוווסטע ברעגן איילן וואָלקנדיקע שיפלער. דאס הארץ פון וואלד שלאָגט אין האסטיקן ריטם.

דאָרקעס קלייד האט זיך פארטשעפּעט אין א צווייגל. זי האט עס אָפּגעטשעפּעט אין גאנג. און ווען זי האט צוריק אויפגעהויבן די אויגן, האט צווישן די ביימער א שאָרך געטאָן מיט בייזער דראָונג.

ניין, צו שפּעט צו אנטלויפן. עטלעכע טריט פאר איר, ליגט א גראָבער יעקע, אויסגעצויגן אינעם גראָז. זעט אויס צו שלאָפן. פון דעם וואָלט מען געקענט מאַכן פיס. מ'וואָלט אים געקענט פריטשמיעלען מיט א קניידל... אָבער א צווייטער פראַלט פון דער זייט גלייך אויף איר...

די אָנגעשטרענגטע ארבעט פון מח איז איצט געגאַנגען אין איין ריכטונג: פאר איר לעבן — כאטש דאס לעבן פון איינעם פון זיי.

איינגנטלעך וואָלט זי איצט באדארפן שיסן, אײידער ער קומט צו גאנץ נאָענט. פארוואָס טוט זי דאָס ניט? מיינט זי נאָך ארויסצודרייען זיך פון די מערדער? אומזין!...

— צי גייט זי גוט אין דער ריכטונג פון שטעטל נ.? — האט זי א וואָרף געטאָן דעם אָנקומענדיקן די פראגע, ווי א וועגטקע — די שטעגלעך גייען זיך דאָ פאנאנדער און זי געדענקט ניט רעכט דעם וועג...

זי האט ווייטער געוואָלט פרעגן, פארריידן אים די ציין, בכדי צו געווינען צייט, נאָר דער מיאוסער שמייכל און ברילן אויף א פלאטשיקער נאז, האבן צעעפנט אין איר א פארמאכטע טיר. פרייד און ווייטיק און כעס האבן, אויף א מעכטיקער כוואַליע געהויבן איר הארץ...

הינטער דער פּאַטשיילע, אין קעשענע פון קליידל, האט זי אָפּגעזוכט, פארקוועטשט אין האנט דעם קילן שטאָל. גאָט! גיב איר כוח און א זיכערע האנט!

— דאָס קען איך דיר, ליידער, ניט זאָגן — צוגייענדיק נענטער, האט דערקלערט דער יעקע מיט דער פלאַטשיקער נאָז. — אַבער עמפּפאַנגען שעינע פרוילייגס — בין איך אימער בערייט... און אינעם קיישל, וואָס טראָגט נעטעס מערדכען?... — האט ער פלוצים געוואָלט וויסן.

אינעם זעלבן מאָמענט איז צוגעגאנגען דער גראָבער, וואָס האט

איר אויסגעוויזן צו שלאָפֿן אין גראָז און שווייגנדיק ארויסגעריסן דאָר־קען דאס קיישל פֿון האַנט.

די צוויי האָבן עס אָוועקגעשטעלט אויף דר'ערד, געגומען נישטערן דערין.

דאָרקע האט צוגעגרייט דעם נאַגאַן...

אין קאָפּ האָבן פֿייקלעך געפֿייקלט, אין די אויערן האט געהודזשעט א מיל.

— ס'קען ניט זיין גוט... — האט זיך געריסן אין איר דער געדאַנק — צוויי זיינען זיי. איינער וועט זיכער באמערקן, — זי וועט גאָר ניט באוויזן צו טאָן.

— ס'וועט ניט זיין מער קיין געבורטסטאָג — האבן געכליפּעט אין איר די 16 יאָר — און דער מערדער פֿון אירע עלטערן וועט ווייטער טאָפּטשען די ערד...

— אַהאַ, עפּל!... האט פּלאַטשיקע נאָך זיך דערפֿרייט — דייטשן האָבן זייער ליב עפּל...

דער דיקער קערל נעמט ארויס פֿון קיישל דאס ברויט מיט שפּעק— פּלאַטשיקע נאָך האט איינגעביסן די ציין אינעם עפּל.

איצט! זיי הויבן ניט אָן צו זען! ס'פֿאלט זיי גאָרניט איין...

ס'האט איר א שווינדל געטאָן פֿאר די אויגן — אין האַלדז איז געוואָרן ענג. צום טייוול! ס'ציטערט די האַנט.

די מאמע איז ווידער א בוים צווישן סאָבּרעס — באַר! נאַדיר ייִדישע עפּל, פּרעס!...

ניין. פּלאַטשיקע נאָך האט אויפֿגעהערט ליב האָבן עפּל. איבערגעדעקט זיך מיט די קוליאַסעס, אומגעוואָרפֿן דאס קיישל מיט א לאַפּע, פֿארקייקלט זיך אויפֿן קאַמעראַד.

דער דיקער איז אומגעפֿאַלן פֿונעם האסטיקן שטויס, אויף זיין בויך — דער צע'דר'מ'טער קאָפּ פֿון זיין רוצחישן שותף.

דער דיקער האט אויפֿגעהערט קייען דעם שפּעק, צעעפֿנט די שליפֿיעס, א ביסל געטאָן עפּעס פּרעכעס אויף זיין לשון און, ליגנדיק, געכאַפּט זיך פֿאר דער קעשענע. אבער דאָרקעס האַנט האט איצט באַקומען פֿליגל: ניט באוויזן דער דייטש; פֿון נאָך האט א פּורקע געטאָן בלוט...

זי האט זיך קוים געהאַלטן אויף די פֿיס, א ציטערניש האט געטרייסלט איר לייב און א טרוקענע ביטערניש איז געלעגן אויפֿן צונג.

מיט א מינוט פריער האט זי דאָך געמיינט צו פטרן דאָ אירע יינגע יאָרן — און איצט... גיין. זי ט'ניט קאליע געמאכט דער חברה די מאָרגנדיקע הוליאנקע!...

פלאַטשיקע גאָז איז געלעגן אויפן דיקנס בויך, גראָד אזוי, ווי ער האט זיך איינעם ערשטן מאָמענט געהאט פארקייקלט. פון דער ווונד אין קאָפּ האט געטריפט א דין ריטשקעלע און די יוכע איז גאָרניט געווען בלאַנק-בלוי...

דער דיקער האט נאָך געזשיפעט. געדריגעט מיט איין פוס, געכאָרכלט מיט א הייזעריקן באַס.

זי האט געמיינט אים צו פארענדיקן, און זיך באזינגען:

וועט פגר'ן פון בלוט-אָפּפלוס — א שאָד די קויל...

דערנעבן, מיטן הנאָ ארויף, איז געלעגן דאס קיישל, אביסל שיפּלעך פארקייקלט אויף א זייט, — די מעדיקאמענטן האבן, אויסגעשיטע, געוואלגערט זיך אין גראָז.

איצט פילט זי ערשט, אז איר שטערן איז באדעקט מיט טראָפּנס שוויים און פון די אויגן גאָר — טרערן...

גאָטעניו, גאָט, ווי ער'ט זיך דאָס פרייען, דער אלטער! וועט וויסן, אז מ'קען זיך אויף איר פארלאָזן...

איז עס טאקע אזוי?... האט זי ארויסגעוויזן געניג קאלטבלוטיקייט? ישוב הדעת? אדער האט איר בלויז דער צופאל געשפילט?...

דאס קיישל העגגט ווידער ביי דאָרקען אויף דער האנט.

ס'ציטערן נאָך צוביסלעך ביי איר די קני, נאָר זי איז ווידער אין וועג...

דער מאמעס האָר פלאטערן, ווי א פאָן, אין איר דמיון. דער זינגענדיקער בוים אין ווייטן לאנד רוישט און ווינקט צו איר מיט גרינע צווייגן.

נאָענט, נאָענט איז איצט די היים, שוין געמיטן די לעצטע פּאָליאַנע.

די 16 פּריצייטיקע רייף-געוואָרענע יאָר, פאראנקערט אין איר וואלד-משפחה, שפּרייזט דאָרקע אויף א בריק פון גוטע טראכטענישן — צו מאָרגנדיקע, פארהוילענע טעג.

* * *

# אויף וואַנדערוועגן

מיטנטאג. אויף אומזעבאַרע כוואַליעס וויגט זיך גאָלדיק און בלוי די לופט; פאַנאַנדערגעשפּרייט דורכזיכטיקע זעגלען, שווימט זי רואיק, אומדערשיטערט, פון גענטיקע צו מארגנדיקע טעג...

און אונטן — די ערד... אונטערן סאמעטענעם צודעק גייט אויף דאס געזאנג פון רייפע פרוכטן-גלידער, די ברויט-שפע פון בלאנדער זאנג אויף האמעטנער, גרויער פעלד-ברוסט.

אַ מידע פון אפגעטוענער שטוב-ארבעט, טוליעט גיטל דאס לייב צו קילקייט פון גראז, ארויסלאזנדיק אויף א ווײַלע פון די הענט דאס פיצל ראָזעווע פלאטער, אן איבערבלייבעכץ, א באנגע דערמאנונג פון אירם א נאכט-העמד, וואס זאל אין מוטערלעכע הענט ווידעראמאל א תיקון באקומען, ווערן אן עפעס, וואס כוואליעט שטיפעריש און זארגלאז אויף קינדערשע גלידער.

גאָלדיק און בלוי פלאטערט א מחשבה'לע אין גיטלס רעיון — בשום אופן עס ניט צו פאנגען... ס'שמעקט מיט היי אין פרעמדן פעלד, מיט עפלבוים אינעם שכנ'ס סעדל, מיט טרוקענעם ווינטל, וואס גנבעט זיך פון סטעפ בשתיקה, מיט מאמע'שע טרוימען און מיט ווייס-איך-וואָס?... ניט אויסצורעכנען די אלע ריחות, וואס וויגן זיך שפעט-זומער אינדערלופטן....

ערגעץ, נים צו ווים, וווהין, איילט מיט קרישטאלענעם פליסטער דער וואסער-שטראם פון דערבייאיקן טייכל. שיער, שיער דוכט זיך, אז אלץ איז שלימותדיק און גוט, אז ס'איז גאר קיין מלחמה אויף דער וועלט נים פאראן, אז ס'מענטשלעכע לעבן הענגט נים אויף א האר....

גלייך, ווי סימעלע וועקסלער זאל גארנים ליגן, א קראנקע, אין בעט, דערשיטערט פון דער „פאָכאַראָנגע," וואס זי האט באקומען אנשטאט א בריוו פון איר מאן. גלייך, ווי סאַשקאַ אַנדרייעוויטש וואָלט די פארגאנגענע וואָך נים אהיימגעקומען אן פים, גלייך, ווי די מאקסימיכע וואָלט ערשט נעכטן נים פארהילכט מיט א יללה דאס דאָרף און אלע האבן דאָך געוווסט, וואס דאס מיינט....

און, גלייך זי אליין, גיטל, זאָל גאָר מיינען, אז ערגעץ אין פוילן, וואַרט אויף איר א היים, אן אייגענע, מיט טאטע-מאמע, מיט קרובים און פריינט....

דערנעבן, אין בעטעלע, צאפלט זיך דאס ברעקעלע לעבן אנטקעגן דער גאלדיקייט פון טאג, ווינקט אומבאהאלפן מיט א הענטל — מסתמא צו דער מאמען — און זשמורעט די שווארצע אויגאטשעס אונטער דער לאסקע פון ליכט. גיטל'ס ברעקעלע לעבן, איר אייגן בלוט און פלייש, איר קליינער סך-הכל פון גליק און פון פיין...

אויף דער פאָליאַנע, אין פרעמדן סאָד, און א פרעמד בעטל, האָוועט און שמאַיעט איר קינדעלע צום אַרום, וואָרקעט אוים איר גרא-גרא-לשון פון א טויב.

אזוי שווימט זי אין שיינע טעג, די טאכטערקע אירע, ביז זון-פארגאנג אין בלויען ים פון צעהעלטן דרויסן, גלייך, ווי זון קען פארבייטן א קישעלע צוקאָפּנס און לופט קען העלפן פארדייען א טרער, וואָס דריגגט נים זעלטן מיט דער מאמעס מילך אריין אין די צארטע געדערים...

די פייערדיקע זונגען-קויל האט זיך ארויפגעקייקלט הויך אויפן הימל-בארג. מיט פולע אייטער שלעפט זיך די קו-סטאדע אהיים.

באלד באווייזן זיך אויך די פויערטעס אין פארביקע טיכלעך אויף די קעפּ, די פנימער פארשמירט מיט שוויים-טראפּנס, אויסגעמישט מיט שטויב.

— „...אי וראַגו ניקאַגדאַ ניע דאָביטסיאַ,

טשטאָב סקלאָנילאַס טוואַיאַ גאָלאָוואַ"...

— פארהילכן זיי דעם ארום מיט געזאנג וועגן דער „סטאָליצאַ" און

דאָס קינדעלע „טאַנצט" מיט די הענטלעך צום טאַקט. דערזען, ס'קינד איז וואַך, שטעלן זיי זיך אָפּ ביים בעטל.

— וואָט או פּאָווליקאַ אי גאַליני דאָטש, טאַק דאָטש! — אַנטציקן זיי זיך מיט דעם נפש'ל — דו קוק זיך נאָר איין, דאַריוכאַ: שוואַרץ-שוואַרץ, ממש אַ טייוועליוק — אָט, אַ קינד פון „זאַפּאַד"... איצט גייט ער שוין אויך, דיין „מוזשיק" — ווייזן זיי אָן גיטלען אויף דעם פּאָרמאַן, וואָס קנאַלט פונוויטנס מיט דער בייטש. — אַ מיטאָג דערלאַנג אים, גאַלאַטשקאַ, ניט אַבי וואָסערס, געאַרבעט אויף זיין שטייגער, — ווי אַ טשאָרט!... ער, אַ מאַנעלע ביי דיר, און אַ קינד — האָספּאָדי, באָזשע מאָי!... — און מיט אַ גוטמוטיקן זיפץ גייען זיי זיך פאַנאַנדער איבער די כאַטעס.

* * *

די מלחמה איז געענדיקט און גיטל וועט קענען נאָר אינגיכן, מיט איר קליינער פאַמיליע, צוריקקערן אין איר פּוילישער היים. נאָר די פרייד דערפון מישט זיך אוים ביי גיטלען אין הארצן מיט ביטערקייט: דער טרוים, אַז נאָך יאָרן וואַגלען אין בענקשאַפט, וועט זי אַרומנעמען אירע נאָענטסטע, דער טרוים, וועלכן זי האָט געצערטלט אין שלאָפלאָזע נעכט און מיזאַמע טעג, איז זיך צעשוומען ווי דער רויך פון די טויטן-הייזער, ווו די מייסטע פון איר פאַלק האָבן דעם אומקום געפונען....

— — — אין זילבערנע אווגטן, ווען „וואַניעס" ישוב אָטעמט מיט פרידן, מיט לאַסקע פון מענער, אַהיימגעקומענע פון פראָנטן, ווען האַר-מאַשקע הערט ניט אויף אויסצוגיסן איר פרייליכע האַרץ פאַר די שטערן און ייִנגע פיס זינגען אַלץ נאָך שירה דער „ראָדינע" און דער ליבע, זיצט גיטל אַ פרעמדע אין דער כאַטע און טראַכט וועגן דעם, אַז פאַר איר איז די מלחמה נאָך אייגנטלעך ניט געענדיקט; און סימעלע וועקסלער דאַגה'ט אַלץ אין איר אלמנה'שקייט, דער וויסטער, ווו וועט זי זיך אַהינטאָן מיט די יתומים....

* * *

אַ נאַקעטער טיש, אַ בעטל אויף פאַרהאַסטער, דייטשער ערד,—אַ לאַ-גער, — וואָס האָט אַ ייִד דען מער? גוט, וואָס אַ קינדעלע איז ביי דער זייט און דער טאַטע פונעם קינדעלע איז אויך מיט זיי... גוט, וואָס מ'איז שוין ניט אין פּוילן, נאָר אונטערוועגס צו דער אמת'ער היים: גליקן שבגליקן — ייִדישע גליקן...

נאָר אַז דאָס קינדעלע, געהאַרטעוועט אויף דער נע - ונדישער

קאָוואַדלע, צעוויינט זיך פּאַרט אַמאָל, ווען דער ווינטער שמייסט מיט רוגזה די קליינע, בלויע הענטלעך, אדער ס'פאַרפעלט אַ רעטעכל צום גע־שענקטן ברויטל, צי אַ שפּילצייג, וואָס זי זעט אַמאָל ביי די גוים = יידישע קינדער אין גאַס — וויל זי שוין ניט אפּטרעטן פון דער מאַמען, די קליינע. און אַז זי הערט ניט אויף אַליין צוצושטיין מיט פּראַגן, נעמט גיטל וועבן פאַר איר אַ מעשה'לע, אַ נחמה, ווענן אַ לאַנד אַזאַ, צו וועלכן זי גייט אויף מאַמעס הענט און אויף אייגענע פיסלעך שוין באַלד דריי יאָר. גייט און קען אַליין ניט דערגיין. אבער אַט, אַט ווערט זי... און דאָרט האָט זי אַ מומע רחל — זי וואַרט שוין לאַנג אויף איר, האָט צוגעגרייט אַ ווייס בעטעלע און שפּיל = זאַכעלעך אַ סך, אַ סך...

אַלץ איז אַזוי וווּנדערלעך גוט — דאָס קינדערשע פּנים'ל שטראַלט איינגאַנצן פון גליק. איצט איז זי גאַנץ מיט איר פריידן: וויבאַלד זי האָט אַ מומע?

— אַוודאי!... — באַשטעטיקט נאָכאַמאָל די מאַמע, פירט צו ס'מיידעלע צום פענצטער, און, אויפהויבנדיק איר הויך אויף די הענט, ווייזט זי אָן אַ שטערן, וואָס פלאַטערט אויפן מזרח.

— זעסטו, דאָרט ווייט = ווייט, וווּ יענץ אָ שטערנדל ווינקט מיטן אויגעלע — איז ארץ = ישראל. דאָס שטערנדל קוקט איצט אַראָפּ אויף דיין מומע רחל, זאָגט איר: „לילה טוב״... און דו, ווי אַ ווילע מיידעלע, זאָג אויך „לילה טוב״ דער מאַמען און גיי שלאָפן...

די קליינע, שוין אין בעטעלע, פרווט וויינען אַ ווײַלע, רייבט דאָס נעזל און מיט האַלב = פאַרמאַכטע אויגן פליסטערט זי אַרויס איר „וועלט־אַנשויונג:״

— מאַמעלע איז אַ לאָבוז...

* * *

— ווער קען זיי ציילן, די בייזע, נאָכ'מלחמה'דיקע „סטאַנציעס פון יידישן עלנט?״ — טראַכט גיטל בעת מעשה, פאַריכטנדיק דער טאַכטערס „וועש״, וואָס רייסט זיך, — אַ שרעק! — אומעטום דערזעלבער הימל און אומעטום די זעלבע, פרעמד = פאַרהאַסטע ערד, וואָס האָט פאַרבליגעט טייערע קרבנות. און איבער אַלץ — דער ביז גאָר פאַרהאַסטער בעל־הבית פון דער ערד...

דאָס זעלבע האַרטע „אונרראַ״ = בעטל און דאָס זעלבע קאַרגע, בימערע לחם חסד... און נאָך אַלץ דאָס וואַנדערן צום לאַנד, וואָס גיטל האָט

נאך קיינמאל ניט געזען, צו וועלכן זי איז נאך אלץ ניט דערגאנגען. נאָר דאָך, וועט זי...

דער גערויש פון תבואה = זאנגען אויף היימישער ערד, וואס פלאטערט אזוי נאענט אין גיטלס דמיון, דער געראנגל פון איידעלע ים = ריטער מיט א בייזער כוואליע — — — דאס אלץ רייסט מיט שטילן אנזאג אין איר נשמה און איז מבטיח, אז דורך די שבעה מדורי גיהינום שטייגט איר פאלק „אויב ניט נאך העכער"... אז מארגן וועט זי מיט איר קליינער פאמיליע זיך איינגלידערן אין שבט „מעפילים:" מאָרגן וועט איר גורל זיך וויגן אויף די כוואליעס און צוזאמען מיט אנדערע, וועט זי שפאלטן דעם ים פון מענטשלעכער רשעות...

* * *

אט שפילט זי זיך, די קליינע, אין א ווינקעלע פון צימער און רעדט צו אימיצן, אן אומזעבארן, האלב = פארשטענדלעכע רייד.

ווינטער — ווי ניט ווינטער: וויינט הארבסטמעסיק מיט קארגע טרערן אויף די שויבן, אפנים, אים איז אויך ניט ניחה... א טריבער פארהאנג האט די שיינע וועלט פארצויגן.

אינדרויסן וויינט דער הימל... א קליינער טראָפן קוועלט אָן אויף גיטלס אויגן = שייבלעך, קייקלט זיך רונד און שווער, ביז ער ווערט פאר= זונקען אינעם שטאף פון איר קליידל.

מארגן וועט איר גורל זיך וויגן אויף די כוואליעס.... מארגן וועט זי מיזאם שפאנען — נענטער, נענטער צום היימישן ברעג, וואס איז איצט אין סכנה...

— מאַמעלע! —וואַרפט די קליינע פלוצים די שפּילצייג און איר קול'כל הילכט איין גיטלס מחשבה אין א צוּאַרטן שלייער.

— אמת, מאמעשי איז א ווויל מיידעלע?.... — פרעגט זי און וואַרט ניט אויף אַן ענטפער.

— טאָ זאָל מאַ זאָגן דעם טאַטעשי, ער זאל קויפן א שיף און פארן מיט שרה'לע און מאמעלע ווייט = ווייט אין „עלעץ"...

ביידע „ווילע מיידעלעך" קוקן זיך אן מיט ליבשאפט און פלוידערן ביז אין דער טונקעלער נאכט אריין וועגן וואונדערבארע נסיעות — ביז ס'קומט דער טאטע אהיים פון דער ארבעט און פארזיכערט זיי, אז — מארגן....

# דאָס ניט־דערזונגענע ליד

## זומער 1939

מירקע איז געשטאַנען בײַם ברעג און געקוקט, ווי ער שנײַדט מיט די וויאָסלעס דעם טײַך.

ווי אַ שפּיגל, האָט דאָס וואַסער אַרײַנגענומען אין זיך דאָס בלויע פונעם הימל, אַ שטיק גרינס פון ברעג, און אײנציק בײמל, וואָס שפּרייט דעם שאָטן פון צווײַגן, ווי הענט, פאַרפלאָכטן אין משעראָט און אין מירקעס געשטאַלט בײַם ראַנד פון טײַך.

ער האָט געפירט דאָס שיפל לאַנגזאַם, ניט געאײַלט, צוקוקנדיק זיך בעת מעשה, ווי פּאַזע דעם שיפל שווימט די זון, אַ גאָלדענער טעלער אויפן טײַך. קלײנע טראָפּנס וואַסער האָבן, ווי גלי־ווערעמלעך, שימערירט אויף זײַן ביז אין דער העלפט אַנטבלויזטן קערפּער, אויף די געשפּאַנטע מוסקלען און די רודערס האָבן מיט התמדה געטאָן זייער אַרבעט: געריסן די אויבערפלאַך אין שטיקער און צעפּאַטלענדיק די טײַכעשע גריווע, צעשפּריצט לײַכט דעם זילבערנעם שטויב אַרום זיך.

דערזען אַ געשטאַלט בײַם ברעג, האָט דער מאַן אינעם שיפל פאַרקירעוועט אין יענער ריכטונג.

— וואָס טוט איר דאָ? — האָט ער כלומרשט בייז געפרעגט, אַרויסשפּרינגענדיק פון טײַך און צובינדנדיק דאָס שיפל צום בוים.

פון דער בייזקייט אין זיין קול איז מירקען געווארן מאָדנע. זי האט זיך צעלאכט:

— ס׳מאכט דעם איינדרוק, ווי איר זאלט זיך האלטן פאר דעם איינציקן באלעבאָס פונעם האזיקן אָרט.

— און אפשר?...

— זייט איר אן אוזורפּאטאר. — האט זי געזאגט — אזעלכע זיינען אין דער געשיכטע ניט איינמאל שוין געווען און וועלן, מסתמא, נאך זיין...

איצט איז עס אים געווען מאָדנע — די דאזיקע אויסטערלישע ווערטער אין מויל פון דעם מיידל. עפּעס, ווי אַן אָנדייטונג אויף א שמייכל, האט אויפגעלויכטן זיין טונקל פּנים.

— זעט איר, — האט ער געלאַסן באמערקט — מיידלעך זיי=נען א שלעכטער מין: דאס ערשטע מאל באגעגנט איר מיך און זידלט זיך שוין...

— אז איר האט דאך גאר אנגעהויבן: „וואס טוט איר דא?"... — האט זי נאכגעקרומט, גייענדיק נעבן אים — געהערט עפּעס ווערטער? און דער טאָן — מאמעלעך מיינע! ווען מיט א טאָן וואלט מעגלעך גע=ווען צו הרגענען מענטשן, וואלט איך, א מינוט פינף שוין בערך, א טוי=טע, געלעגן דאָ ביים ברעג...

— א שפּאָר ביסל איבערגעטריבן; — האט ער טראציק בא=מערקט — נו, אויף דעם געהערט איר דאָך צו אייער מין...

— איר זייט א פרויען=שונא?...

— כמו...

— כ׳זע, איר קוקט די גאנצע צייט אין א זייט. ווייסט איר כאָטש, אז דאס כאראקטעריזירט א שלעכטן מענטש?...

— כ׳באוווּנדער אייער מבינות!... — האט ער זיך פאנאנדער=געלאכט — דאס ערשטע מאָל, זייט זיי האבן זיך באגעגנט.

— יאָ, איז, זייט איר, הייסט עס, א פרויען=פיינט — האט זי געצויגן דעם פאָדעם פונעם געשפּרעך. — הם, און אפשר... האב איך גאָר געשטערט? זיך אָפּגערעדט מיט א מיידל און איר קוקט איר אויס? ביי פרויען=פיינט טרעפט דאס אָפט...

— ביי פרויען=פיינט פון מיין סטיל טרעפט עס כמעט קיינמאל ניט — האט ער געזאגט מיט געמאכטער גלייכגילטיקייט.

— א שאָד... — האט זי שטיל באמערקט.

קיין ענטפער. אפשר האט ער ניט געהערט? אָדער, פאַרטאָן אין עפּעס אייגנס, ניט געלייגט קיין אכט אויף אירע רייד.

זיי האבן זיך גארניט געהאט ארומגעזען, ווי ווייט זיי זיינען פאַרגאַנגען פונעם אָרט, ווו ער האט זיין שיפל געלאזן ביים ברעג.

א ווײַלע האט מירקע זיך איינגעקוקט אין אים: מיטן בליק ארייַנגעטאָן אין זיך, האט ער לאנגזאם געשפּאנט נעבן איר — א בחור פון א יאר 25, הויך און מאָגער, מיט טונקל־גרויע אויגן, וואס האבן צוגעגעבן זיין פּנים א מין טרויעריקן אויסדרוק.

— הם... מ'דאַרף ווירקלעך האבן „פעד" — האט ער גערעדט, ווי צו זיך, ניט קוקנדיק אין איר זייט — קומען אין אזא אָפּגעלעגן אָרט און אנטרעפן אויף א „מיידלס־פּארשוין", וואס — ניט מיר, און ניט דיר — שטעלט זי זיך אוועק ביים ברעג און פארצווימט דיר גאָר דעם וועג, לאָזט ניט פירן דאס שיפל... מיך אָפּגענארט, א באַבקע דאס איז!...

— וואס, באבקע, ווער, באבקע? וואס פלוידערט איר גאר? עך, א טשודאַק איר זייט!... — לאכט מירקע ארויף צו אים און אין אי־רע ברוינע אויגן צינדט די פריילעכקייט גאלדענע פלעמלעך.

יאַנעקס באַבע, מיין איך — מיין חבר'ס. מיר אַרבעטן צו־זאמען אין שטאָט — האט ער אומגערן אויפגעדעקט א שטיקל פון זיין געהיימניש — און זי וווינט אין יענעם דארף. געזאגט צו מיר: — „זונגעלע סאָקאָל, זיי האבן דיר דערעסן, די טייוולאָנים אין שטאָט? ווילסט זיין גאנץ אליין?... נימא קיין בעסער אָרט, ווי יענער טייך: ווייט־ווייט פון די כאַטעס, קיין פּיפּערנאָטער שמעקט ניט דאָרט אהין. פאר אונדז איז געווען די אָזיערע פּאַזע דער מיל... און קאָסען וועט מען היי־יאָר דארט אינגאנצן ניט — פאראן א שפּע אָן דעם"... און אָט האָסטו דיר — ערגער נאך פון א „פּיפּערנאָטער!" נו, גיי ווייס — האט ער, לאַכנדיק, פאַרענדיקט, — אז מ'קען זיי ניט גלייבן אפילו, ווען זיי זיי־נען אלט...

— עך, א טשודאַק, א טשודאַק!... — האט זי געפּליעסקעט מיט די הענט. — איז ערשטנס, ווער האט דאס אייך פאַרשטעלט דעם וועג? און בין איך טאקע ערגער פון א פּיפּערנאָטער, וואס שטערט אייך דען — מיט, צי אָן א „זיי־געזונט", לאָזן מיך אויף פריערדיקן באַראָט און אומקערן זיך צום שיפל? דרך־אגב קען אונטערקומען נאָך א פּיפּער־

נאָטער, ערגער אפשר פון מיר און אוועקשווימען מיט אייער שיפֿל. — האט זי צוגעגעבן מיט געמאכטער ערנסטקייט.

ניט אויסצורעכנען די האזיקע באַוועגונג, כמעט אינסטינק־טיוו, האט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף צוריק און אָפּגעזוכט מיטן בליק יענץ ווייטלעכע אָרט, וווּ אויפן גרינעם הינטערגרונט האט, ווי א טונקעלער פויגל, גענעסטעט זיין שיפֿל.

— ערשטנס, — האט ער איצט נאכגעקרימט מירקען — קען קיין ערגערער פּיפּערנאָטער פון אייך גאָרניט זיין. איר זייט רעכט גע־פערלעך: צוערשט האט איר מיך געזידלט, דערנאך געחוזקט פון אן על־טערן, און צום סוף שרעקט איר מיך גאָר!... — האט ער פארענ־דיקט, דראָענדיק מיט א פינגער הארט פאר איר קליינער, שקאָציש־פארמישענער נאָז.

מירקע איז כלומרשט געווען פארצווייפלט, נאָר די גאלדענע פלעמלעך זייגען אלץ ניט פארשוווּנדן פון איר אויג:

— וואָס האט איר זיך אָנגעזעצט אויף מיר? — געזידלט, גע־חוזקט, געשראקן גאָר?... — ערשטנס, איז עס ניט אינגאנצן אמת, און צווייטנס — טוט עס דען וויי, — אדרבא, זאָגט?... וואס קען עס אייך אייגנטלעך אַרן, אז א מענטש גייט נעבן אייך און פּלוידערט וועגן דאָס און יענץ?...

איצט האט ער געלאכט. זיינע ווייסע, שארפע ציין האבן פאר־צוקנדיק געבלענדט אנטקעגן דער זון און די אויגן אינעם טיפן אויס־שניט האבן איינגאנצן זיך פארמאכט, ווי אן אומגעזעענע שפע וואלט געלאסטעט אויף זיין בליק: זייער קאָמיש האט געקלונגען אין זיין אויער דאס ווארט „מענטש" אין מויל פון דער האלב־פרוי, האלב־קינד...

צום ערשטן מאל האט ער נייגיריק איר אָנגעקוקט א ווײַלע: מיט די באָרוועסע פיס, מיטן רויטן טיכל אויפן קאָפּ, פויעריש פארבונדן אונטער דער גאָמבע, האט זי אויסגעזען, ווי א מאָן־בלום, וואס ווינקט פרייגטלעך פארביי אין איינזאמען וואנדערער אויף פעלדישע שליאכן.

— נאַ, אָט לאכט איר גאָר! — האט מירקע אנגעקוואָלן, שפּילנדיק זיך בעת מעשה מיט אן עק פון איר טיכל. — דאס האב איך דווקא גערן. הייסט עס, ס׳איז אזוי ניט שלעכט מיט אייך, ווי כ׳האב עס געמיינט לכתחילה: בלויז גוטע, ערלעכע מענטשן קענען אזוי הארציק לאכן... נאָר זאָגט׳זשע מיר איצט, מיין פרעמדער פריינט, ווי

קען דאָס אַ בחור אין אייערע דערוואַקסענע יאָרן — און אפשר גאָר אַ טאַטע פון אַ קינד — זיין אַזוי לייכטזיניק, אָן ישום ישוב = הדעת אַרויסצוזאָגן רייד, וואָס האָבן ניט קיין שום ערנסטן גרונט, שטימען פשוט ניט מיטן אמת. אדרבא, גיט אַ טראַכט אַ וויילע און זייט זיך מודה: צי ווילט איר באמת, איך זאָל פון אייך אַוועקגיין און טאַקע תיכף, איצט?...

ער האָט נאָך אַלץ געשמייכלט און די שטריכן פון זיין שטרענגן פנים האָבן אָנגענומען אַ פריינטלעכן אויסדרוק.

— איר רעדט דאָך עפּעס סאַמע לשון = קודש׳דיקע ווערטער... — האָט ער מיט קאָנטיקער פאַרוווּנדערונג באַמערקט.

— מיין פאָטער איז אַ ייִד, אַ תלמיד = חכם, ממילא, ווי יענץ שיקסל ביים רבֿ, קען איך אויך אַמאָל אַ „דראָפּנע אות"... נאָר כ׳בעט אייך, דרייט זיך ניט אַרויס פון אַן ענטפער, כ׳וועל ניט אָפּטרעטן. זאָגט׳זשע — ווילט איר טאַקע, כ׳זאָל פאַרשווינדן?... סיידי וועל איך פאַרשווינדן, צי איר וועט ענטפערן יאָ, אָדער ניין — ווייל איך בין איבערהויפּט ניטאָ, דאָס חלומט איר בלויז אַ בייזן חלום וועגן מיר... טאָ זאָגט׳זשע: יאָ, אָדער ניין?...

ער איז געווען גאַנץ צעטומלט: איז עס געקומען פון די רייד, וואָס האָבן געטראָגן מיט זיך אַ מאָדנעם צויבער? פון איר שטימע, ווי דאָס צווייטשערן פון אַ פויגעלע, וואָס גיסט זיך באַרג = אַראָפּ פון עם באַגינען, ווען דער ראָזעווער חלל זינקט נאָך טמעט אין שלאָף? און אפשר פון דער געשטאַלט, וואָס וויגט זיך נעבן אים אויף באָרוועסע, שלאַנקע פיס, גראַציעז און בויגעוודיק, ווי אַ ווערבע = צווייגל?... צי גאָר פון דער אָרום, אונטער בלויע הימל = געוועלבן, פון דער לאָנקע, וואָס לאַשטשעט זיך אונטער ביידנס באָרוועסע פיס, שימערירנדיק מיט גרינער פעל אַנטקעגן דער זון?... ווער קען וויסן?...

ער האָט זיך דערפילט זייער אומבאַקוועם לגבי דעם אומבאַקאַנטן מיידל מיט אירע האַלב = ערנסטע, האַלב = שפּילעוודיקע רייד, — אומ= זיסט געזוכט אויף זיי אַן ענטפער. און אַז זי האָט אַלץ ניט אָפּגע= טראָטן מיט דער פראַגע, מאָנענדיק געקוקט אויף אים מיט לאַכנדיקע אויגן, בעת די ליפּן האָבן שטיל געמורמלט אַ שפּרוך: — פאַרשווינדן?... ניט פאַרשווינדן?... פאַרשווינדן?... (ביי וועמען האָט זי איצט גע= פרעגט — ביי זיך אַליין? ביי אים?...) — איז ער געוואָרן נאָכמער

פארלעגן, ניט ווילנדיק אראפגעלאזט די אויגן־דעקלעך און אויסגע־שטאמלט, ווי צו זיך אליין:

— כ׳ווייס ניט...

אז ער האט צוריק אויפגעהויבן די אויגן, איז ער געווען גאנץ אליין: דאס מיידל איז נעבן אים ניט געווען. נאָר איר געשטאלט, וואס האט, ווי א פויגל, געפלאטערט אין געלאַף, און די בארוועסע פיס, וואס האבן, ווי בלאנקע שווערדן, געשניטן דאס גראז, האבן עדות געזאגט, אז דאס איז ניט קיין חלום פון א זומער־טאָג: פייל־פון־בויגן איז מירקע געלאפן צום דארף־צו...

* * *

צוזאמענגעס איז זי ווידער געגאנגען אהין.

אויבן האט דער הימל אומענדלעך און שטיל געשפרייט דאס בלויע פעלד אין די הויכן, ווייסע שעפסן־וואָלקנדלעך מיט געקרויזטע קעפ־לעך האבן געפּאזעט מילדע שטיפערייען, און צופנדיק בעת־מעשה דאס הימל־גראָז, אוועקגעהינקט ווייטער, אין אין־סופן.

— — — א ווינטעלע גלעט מיט צארטע פינגער מירקעס פּנים, וויל צעשויבערן דעם גאָלד־ברוינעם האָר־פלאַם אונטערן טיכל און קען ניט... אונטער אירע פוס־טריט זינגט דאס גראָז א קיל און זאפ־טיק ליד, א פויגל פליט פארביי אזוי נאָענט, אז ער רירט שיער ניט אָן איר אקסל — און פונדערווייטנס ברומט דער טייך איר פריינטלעך אנט־קעגן מיט דער הויכער מענער־געשטאלט, וואס וויגט זיך, ווי א העלער ליכט־שטרייף, אינעם שיפל.

— אָהאָאָאָ!... — האט זיך דערטראגן צו איר זיין קול, ווי א באנגער רוף און א האנט האט געווונקען צו איר אינדערלופטן...

באַלד האט ער פארקירעוועט צום ברעג זיין שיפל, פאראנקערט עס אינעם ביימל און, אָפּטרייסלענדיק די העל־בלאָנדע האָר־קוטשמע, וואס איז אין נאַסע פאסמעס געקראָכן אים אין די אויגן, א בלישטשענ־דיקער פון זון און טייכעשע טראפנס, איז ער געלאפן איר אנטקעגן.

און מירקען האט זיך מיטאמאל פארוואלט שטיפן: א לאז געטאן אין געלאַף די געהארכזאמע פיס און, קומענדיק גאנץ נאענט פון אים, מיטן קאָפּ דערלאנגט אים א שטויס אין דער ברוסט.

— אופף!.. — האט ער, לאַכנדיק, אפגעזיפצט — ווי איז מען דאס אזא עזות־פּנים, ווי האט מען עס ניט קיין דרך־ארץ פאר מיינע

ווייסע האָר?... און גלאַט אַזוי, ס'פּאַסט ־דען צו פראַווען אַזעלכע מיני שטיפערייען מיט אַ פרעמדן מאַן?...

— פונקט דאָס זעלבע האָט אויך ע ר געזאָגט!...

— ווער?

— נו, ד ע ר!... האָט מירקע אַנגעוויזן אויף איר ברוסט — דער מיושב'דיקער, וואָס זיצט אין מיר און „פּריקאַזעוועט"... נאָר ס'איז גוואַלטיק שווער צו זיין געהאַרכזאַם, ווען מען האָט פאַר זיך אַ שטיק האַרט, מענטשלעך לייב, וואָס גלאַנצט, ווי אַ פויק, אַנטקעגן דער זון, — נו, ווי זאָל איך עס אייך דערקלערן? ס'ציט פּשוט, צו מאַכן אָט אַזוי־אַ...

זי האָט זיך פאַרמאַסטן מיט דער פויסט אויפן זעלבן אָרט, ווו פריער מיטן קאָפּ, נאָר ער איז אָפּגעשפּרונגען אין אַ זייט און מירקעס האַנט איז געבליבן הענגען אינעם חלל.

דערנאָך זיינען זיי געווען ערנסט. לאַנג שפּאַצירט אין וועלדל, פּאַזע דעם טייך, געשמועסט וועגן דער גרויסער שטאָט, ווו ער איז עלעקטראָמאָנטער, וועגן דער מלחמה, וואָס מ'וויים ניט — רוקט זי זיך אָן, אָדער ניט?...

דערנאָך האָט ער אַרומגעפירט מירקען לענגאויס דעם טייך אין זיין שיפל, און דערנאָך — וואָס איז געווען דערנאָך?... ער וויים עס אייגנטלעך אַליין ניט גענוי, וויל ס'איז ווידער געווען, ווי אין אַ חלום...

יאָ, וויאַזוי איז דאָס געווען?... ער האָט פלייסיק געבונדן דאָס שיפל צום בוים און זי, דאָס פרעמדע מיידל, איז געשטאַנען דערנעבן, אַזוי נאָענט, אַז, אַן אַנגעבויגענער צום שיפל, האָט ער איינגעאָטעמט אין זיך דעם קילן ריח פון איר קני, וואָס האָט שימערירט גלאַנציק־ברוין פאַר זיין בליק, ווי דער קאָפּ פון אַן אייַדעלער חיה.

מיטאַמאָל האָט ער איר אויפגעהערט צו פילן. אין אַ־מרואיקער, האָט ער אַ ווילע זיך אויפגעהערט צו פּאָרען: גאָרניט — זי איז געווען אַביסל ווייטער. נאָר, אַז ער האָט פאַרענדיקט דאָס בינדן, איז זי בכלל ניט געווען — דאָס איז עס אינגאַנצן...

אויפהויבנדיק די האַנטפלאַך צום שטערן, צו שיצן די אויגן פון זוניקן זשאַר, האָט ער געפּאָרשט דעם אַרום: ווי אין אַ וועט־לויף, האָט זי געהוידעט זיך אין פעלד — אַ פאַרביקע בלום אויפן הינטערגרונט פון גרין און בלוי...

— קען גוט לויפן, דאָס מיידל... — האָט ער אַ טראַכט געטאָן.

אַראָפּגעלאָזן די האַנט און אַ צוק געטאָן מיט אַן אַקסל: מילא, יאָל זי, איך ליף איר דען נאָך?... און בכלל, — וואָס גייט זי מיך אָן? אַ מיידל, ווי אַ מיידל...

נאָר באַלד האָט עפּעס אין אים דערוואַכט: ניין. ס'איז ניט דאָס... און, ניט צו וויסן, פאַרוואָס, האָט ער פּלוצלונג גענומען פלאָנ־טערן די שנור פון זיין שפּיל; נאָר, אַז ער האָט עס אָפּגעבונדן, האָט ער צוריק דעם קנופּ פאַרבונדן און זיך אַ וואָרף געטאָן אין גראָז, אויס־געצויגן זיין לאַנגן גוף און, אונטערשפּאַרנדיק מיט די הענט די גאָמבע, האָט ער אַריינגעקוקט אין זיך...

— אפשר ביסטו פאַרליבט, אַלטער טייוול? — האָט ער איינ־גע'טענה'ט מיט זיך אָן ווערטער — אפשר פונעם ערשטן בליק? אפשר — ווי פון אַ פייל געטראָפן? אפשר, ווי אין אַ ביליקן ראָמאַן?...

דערנאָך האָט ער נאָכגעקוקט אַ קליינעם פּונקט, וואָס האָט זיך באַוועגן אין דער ווייטקייט: אפשר איז עס גאָרניט געווען מירקע, נאָר אים האָט זיך געוואָלט מיינען, אַז דאָס איז זי...

מאָרגן וועט זי מסתמא ווידער קומען — האָט ער געפּרוווט טרייסטן און ס'איז אים געווען טרויעריק.

* * *

מאָרגן איז מירקע ניט געקומען און איבערמאָרגן אויך ניט. אָבער אויפן דריטן טאָג האָט זי אים ווידער אַנטקעגנגעטראָגן איר שמייכל.

ער האָט זיך דערפרייט:

— געמיינט, כ'וועל אייך מער ניט זען... — האָט ער געזאָגט און באַלד חרטה געהאַט איבער געזאָגטן.

— האָט איר אפשר געבענקט? — האָט זי געפרעגט, באַ־מערקנדיק בעת מעשה, ווי טרויעריק עס גרויט זיין בליק, אפילו, ווען ס'שמייכלט דאָס מויל...

— מיינט איר? — האָט דער חלף פון חוזק אַ שנייד געטאָן אין זיין טאָן.

— כ'מיין ניט, — האָט זי רואיק געזאָגט, בעת די אויגן האָבן זיך געצונדן מיט שטיפערישע פייערלעך, — כ'בין זיכער דערין...

— איר זייט אַ בייז מיידל, פון טייוול געשיקט!... — האָט ער געלאַכט.

— מיינט איר?... — האָט זי אונטערגעכאַפּט זיין טאָן, — און

איבריקנס, גאָרניט קיין מיידל: כ'בין זייט דריי יאָר פארהייראט...

ער האט איר פאָרשנדיק אנגעקוקט פון קאָפּ־ביז־פיס, גלייך, ער וואלט געזוכט עפּעס א סימן, וואס זאל באשטעטיקן אדער אָפּלייקענען אירע רייד.

— הערט אויף מיט די שטותים!... — האט ער געזאגט צו איר, ווי א טאטע צו א צעבאלעוועט קינד. — צו וואס טויגן אייך די באָבע־מעשיות? מיינט איר טאקע, אז איך בין גענוג נאאיוו צו גלויבן יעדעס ארויסגעזאגטע ווארט?

— אָדער... נאאיוו גענוג אויף ניט צו גלויבן גראָד דעמאָלט, ווען דאס געזאגטע איז ריינער אמת...

— ?...

— פון וואנען נעמט איר עס אייגנטלעך, ניט צו גלויבן מיר, אז כ'בין פארהייראט?

זי האט געלאכט, מירקע, און ער איז אלץ געבליבן ערנסט.

— ווייל איך לייען דאס פון אייערע אויגן, — האט ער, שוין אביסל אומגעדולדיק, געזאגט — פון דעם אָפענעם, אומרואיקן פנים, וואס איז נאך, שיינבאר, ניט בארירט געווארן פון קיין לײדנשאפט. נו, פון אייער געשטאלט, פון יעדער באוועגונג, פון דער גאנצער באנע־מונג אייערער — עט, ווי זאל איך עס אייך זאגן?... — איז ער פלוצ־לונג מיד געווארן איר צו דערקלערן. — ס'איז אייגנטלעך שווער דאס צו דעפינירן, ווייל ס'איז גיכער א זאך פון אויספילן, ווי פון לאָגיק. נו, פון אָט דעם אלעם פיל איך פשוט אויס, אז איר זייט נאך גאָר א קינד, אז איר ווארט ערשט אויף א מאן... — האט ער פארענדיקט אין איין אָטעם, פארחידושט אויף זיך אליין פאר דעם ארויסווארפן פון זיך אזוי־פיל רייד פאראמאָל.

— אָדער... א גאָר, גאָר ראפינירטע פרוי, להיפוך צו אייערע אויספירן, וואס איר האט ערשט, זייט מוחל, אזוי לייכטזיניק געמאכט...

איצט האט ער הויך געלאכט און מירקע האט זיך ווידרע געוווּנ־דערט, ווי טרויעריק ס'בליצט דער שטאָל פון זיין אויג, בעת די ציין שניידן זיך איין אין געלעכטער, ווי א זאפטיק עפּל און ס'מויל גיסט זיך אָן מיט פרייד, ווי א ווײן־בעכער, איבערפולט ביז צום ראנד...

— לאָזט געמאך! — האט ער, נאך אלץ לאכנדיק, געזאגט, — באמיט אייך ניט אנצוגיין פאר אזא, וואס איז אינגאנצן פרעמד אייער

ווען. אָפּצוגאַרן אַזאַ יונגער־הונט, ווי איך, איז גאָרניט פון די לײכטע זאַכן. און איבריקנס, — אַזוי, ווי איר זייט, זייט איר גאָרניט אַזוי שלעכט... — האָט ער צוגעגעבן, ניט קוקנדיק אין איר זייט.

— אַ דאַנק פאַרן קאָמפּלימענט!... — האָט זי געמאַכט פאַר אים אַ „קניקס" — נאַ, גיי זוך קאָנסעקווענץ ביי מענער: ערשט בין איך געווען בייז, אַ שרעק! — „פון טייוול געשיקט", און איצט ווידער — „שוין גאָרניט אַזוי שלעכט"...

זי האָט געוואָלט זיין מיושבדיק, נאָר ברעקלעך געלעכטער האָבן ניט אויפגעהערט צו שפּאָרן דורך די אויגן־שייבלעך, געהאַנגען אַרום איר מויל, פאַרקלייבנדיק זיך אַפילו אויפן שפּיץ פון איר פּאַריסן נעזל.

— יאָ, איז, מיינט איר, הייסט עס, צו זיין אַ מענטשן־קענער?...

— האָט זי געחוזקט.

— כמעט...

— אַזוי ווי איר מיינט, אַ שטייגער, צו זיין אַ פרויען־שונא... — האָט זי אַ ברום געטאָן אונטערן נאָז, דעם קאָפּ פּאַריסן אינדערהויך, ווי זי וואָלט עס איינגערוימט דער בלויקייט, וואָס שפּרייט אינדערלופטן אַ פּלאַטערדיק געוועב.

— משעפּעט אייך ניט, זאָג איך!... האָט ער פּליצלונג אַנגע־טאַפּט מירקען פאַר אַ האַנט, צווינגענדיק איר אַ ווײלע אָפּצושטעלן דעם גאַנג און מירקען האָט געדוכט, ער איז בייז.

ער האָט נאָכגעלאָזן איר האַנט און מיטאַמאָל זיך פאַרשעמט.

— אַ לעקיש בין איך, ניט מער; איר מעגט טאַקע לאַכן פון מיר... אָט גייען מיר אַזאַ שיינעם שפּאַציר און האַלטן אין איין שטרייטן. און באַלד וועט איר מסתמא אַנטלויפן. און איך... — זיין קול איז געוואָרן ווייך — איך וויים אַפילו ניט, ווי איר הייסט. און דעם קאָליר פון אייערע אויגן קענט איר מיך פרעגן בחרם...

— ווער לאָזט אייך דען ניט זען?... — האָט מירקע פאַרלוירן געזאָגט.

— אַז איר שטייט ניט איין אויף אַן אָרט... — האָט ער זיך געוועדט, איינהאַלטנדיק איר מיט ביידע הענט פאַר די אַקסלען.

ווי אַ קינדיש גופל, האָט זיך איר אָפענער פּנים געשפּרייט פאַר אים, אַביסל צעטומלט. דאָס מויל האָט געפּרוווט אַ וויג־טאָן זיך אין שמייכל, ווי אַ קערש אויפן ווינט — נאָר באַלד איז עס געבליבן הענגען פאַרשטאַרט אונטער זיין בליק, ווי עמיץ וואָלט פּלוצים אויסגעלאָשן

דעם ווינטיקן פלאַם. אויבן, אונטער דעם ברוינעם שטערן־פעלד, האבן אייגן, צווייי קלאָרע טייכלעך, געבלינצלט אנטקעגן דער זון. בלויז אויף זייער דנאָ האט געגורטעוועט א ברעקעלע אומרו, ווי עמיץ וואלט נאָר־וואָס אין די טייכעלעך אויסגעצילעוועט א פייל...

נאך אלץ מיט די הענט אויף אירע אקסלען, האט ער א ווײַלע אריינגענומען אין זיך די סטאַטנעקייט פון איר געשטאלט און ווידער געקוקט אין אירע אויגן, ווי ס'וואלט אים שווער געווען אָפּצורייסן פון זיי דעם בליק.

— גרין־גרין... — האט ער געמורמלט, ווי פאר זיך, באפרייענדיק איר אקסל.

— וואס, — גרין? ווו, גרין?... — האט מירקע לאכנדיק געפרעגט, נאָר איר קול איז מער ניט געווען אזוי ליטער, ווי ביז איצט. ווי א קוים באמערקבארע אומרואיקייט וואלט זיך אין אים פארדרעגגט און ניט געפונען דעם וועג אויף צוריק.

— די אויגן אייערע... — האט ער געשמאלט, ניט קוקנדיק אין מירקעס זײַט.

— איר זײַט דאָך גאָר א דאַלטאָניסט! — האט מירקעס קול צוריקבאקומען דעם ליטערן קלאנג — גרין איז זייער א שיינע פארב, די פארב פון האפענונג, אבער מיינע אייגן זיינען גאר ברוין...

טאָ זאלן זיי פאר אלעמען בלייבן ברוין, בלויז פאר מיר זאל זיי דערלויבט זיין צו גרינען... גרין איז די פארב פון האפענונג... — האט ער איבערגעחזרט, ווי אין חלום, ווידער פאַרטזועצנדיק דעם שפּאַציר־גאנג נעבן איר.

— טאָ זאָגט'זשע מיר — האט ער פלוצים אויסגערופן, אביסל צו האסטיק, ווי אויפגעוואכט ראַפּטעם פון שלאָף — ווי הייסט איר? טאקע א חרפּה ניט צו וויסן...

— איז עס דען, אייגנטלעך, ניט אלץ איינס, ווען מ'שפּאצירט אזוי־אָ אונטער בלויע הימלען ביים ראנד פון וואלד? — האט זי געמאכט א באוועגונג מיט איר ברוינער האנט, ווי זי וואלט וועלן ארומנעמען דעם חלל ארום זיך.

— דאָך, זאָגט, וועל איך וויסן, ווי אייך צו רופן...

— דאָס איז בכלל ניט נייטיק. איר זעט דאָך: וויל איך, קום איך אליין, וויל איך, אנטלויף איך גאָר, און איז מיין ווילן ניט דערביי, העלפט ניט קיין שום רוף...

— איר זייט אַן עקשן — האָט ער איר געמוסרט — איז עס דען אַ סוד?

— פאַר קיינעם ניט, אַ חוץ פאַר אייך...

— ?...

— ווייל איר קענט גאָר ווערן אין כעס, און טאָקע אַליין מיר צוטראַכטן אַ נאָמען, ווי איר האָט אָקאָרשט צוגעטראַכט די פאַרב פאַר מיינע אויגן. ער וועט געוויס זיין שענער, דער אויסגעטראַכטער נאָמען, פון מיין אמת׳ן...

— ווייס איך? אפשר זייט איר גאָר גערעכט, ס׳טרעפט אַמאָל ביי אַ מיידל... — איז ער געווען בייסיק.

— זיין מאַיעסטעט, דער יעגער-הונט, וויל ווידער בייסן... — האָט זי צוריקגעוואָרפן און זיין זייט די באַמערקונג, נאָר אינעם קול איז ניט געווען קיין באַליידיקונג און אויך ניט קיין כעס.

— זיין בליק איז גראָד געפאַלן אויף מירקעס פיס, גלאַנציקע און ברוינע, וואָס האָבן, ווי צוויבערדיקע וויאָסלעס, גערודערט דאָס שיפל פון איר גוף אינעם גראָזיקן ים.

— הם... האָט ער אַ האַווקע געטאָן אין איר זייט — אויב איר װילט עס וויסן, ס׳וואָלט גאַנץ געשמאַק געווען מיט אַלע ציינער זיך איינצובייסן אין אַ לידקע פון אייער פוס...

— אפילו פאַר אַ פרויען-שונא?...

— אפילו!...

— פרוווט ניט! — האָט זי זיך צעלאַכט, — צו האַרט, ס׳וועט קאָסטן אַ צאָן...

— דאָס זאָגט זיך נאָר אַזוי — האָט ער אויך געלאַכט, — בין איך דען טאָקע אַ הונט?...

— ניין, באמת ניט — איר האַווקעט בלויז. נאָר האָס וועט אייך אויך פאַרגיין...

— צופיל הויבט זיך מיט מיר ניט אָן! — האָט ער איר געוואָרנט, טראַכטנדיק בעת מעשה, ווי אַ ישובה-בחור, וואָס וויל צעקייען אַ שווערע פלוגתא און קען ניט:

— וואָס זאָל ער טאָן מיט איר? זי חוזקט דאָך אָפּן פון אים, מוז אים האַלטן פאַר אַ לעקיש. צי זאָל ער איר אפשר אַ כאַפּ טאָן אין די אָרעמס? אויסקושן איר צוגעסמאַליעטע באַק? אויסטרינקען דעם האָניק פון אירע אויגן, וואָס גלאַנצן איצט טאָקע גאָלדיק-ברוין?...

ניין, דאס קען ער נישט. די פארטרויליכקייט פון איר בליק און א מין שטאָלץ, וואס איר אינערלעכער וועזן שטראַלט אויס פון זיך, דער־לויבט קוים צו באַרירן איר האַנט. אָט רוט זי אין זיין גרויסער, ביי־נערדיקער דלאָניע, פול צוטרוי, — ברוין און באַוועגלעך, ווי א קליין חיה׳לע אין א שטייג... ניין, ער וועט נישט איבערשרעקן דאס דאַזיקע קינד, ווי שטאַרק דער פאַרלאַנג זאָל זיך נישט צאַפּלען אין זיין ברוסט.

— איצט זייט איר ווידער פאַרכמורעט... — האט מירקעס קול אַריינגעגריסן זיך אין זיין מחשבה, ווי ס׳רייסט א זון־שטראַל זיך אַריין אין קלויז און פאַלט אַוועק אויפן גמרא־בלאַט, סאַמע אויף דעם אָרט, וווּ ס׳קנוילט זיך די שווערע פּלוגתא, וואס א בחור מאַטערט זי צו צע־קייען און קען נישט.

— נו, האט איר אויסגעטראַכט פאַר מיר א נאָמען?

— ניין, ס׳הייסט גוט, — האט ער געשטאַמלט, ווי ער וואָלט אָקאָרשט אַראָפּגעפאַלן פונעם הימל — כ׳האב טאַקע א נאָמען: פאַר מיר וועסטו זיין... „לבנה׳יק מיידל״ — אַזוי וועסטו הייסן... — האט ער געזאָגט, נישט באַמערקנדיק בעת מעשה, אַז ער איז איבערגעגאַנגען אויף „דו״. אויך מירקע האט געשיינט דאס נישט צו מערקן.

— פאַרוואָס אַזוי?... — האט זי זיך געוווּנדערט.

— ווייל ביסט ס׳דות׳דיק, ווי די נאַכט־וואַנדלערין אַליין: דאָ וועט זיך קלאָר דיין פּנים, באַלד פאַרציסטו זיך ווידער מיט א וואָלקן־שלייער און איך קען דיך מער נישט פאַנגען...

— פאַרוואָס זאָלט איר מיך דען פאַנגען?... — איז מירקע גע־וואָרן ערנסט.

— גלאַט אַזוי... ס׳איז דען שלעכט צו פאַנגען די לבנה אין איר וואַנדלען? תופס זיין דעם זין פון איר ליכטיקער, נתגלה׳דיקער אָפּנבאַר־קייט און דעם אומזין פון איר פאַרשלייערטער התבודדות? אָדער אפשר גאָר פאַרקערט?... איז, הייסט עס, לבנה׳יק מיידל, מסכים?..

— איר רעדט שיין... זייט איר אפשר א דיכטער? — האט זי, אויסמיידנדיק אָפּגעענטפערט מיט א פראַגע.

— ניין. כ׳בין קיין נישט דיכטער — כ׳ווייס נישט, צום גליק אָדער צום אומגליק... נאָר כ׳מיין, אַז אין איינער געזעלשאַפט קען מען עס אפשר ווערן.

— אַזוי גאָר? ... — איז זי געוווען פאַרלעגן — יאָ. טאַקע! — האט זי זיך פּלוצונג דערמאָנט — און ווי הייסט איר?..

— ווען איך זאל האבן שכל, וואלט איך געהייסן... זאלסט מיר געבן א קוש... — האט ער שטיל געזאגט אין דער שמייכל, געמישט מיט אביסל טרויער, איז ניט פארשוואונדן פון זיין פנים.

מירקע האט זיך פארוויטלט, און האס ברוין אויף אירע באקן איז נאך טונקעלער געווארן.

— א פרויען = שונא!.. — האט זי זיך געחדוש׳ט — ניין, ביי פרויען = פיינט פון „אייער סטיל" טאר גארניט זיין אזא פארלאנג...

— כ׳בין זינדיק... — האט ער געפרווט זיך וויצלען — מעג איך אלזא הייסן?..

— נישקשה פון א פילאזאפיע! — האט זי זיך צוריקגעוויצלט — א זינדיקער מעג, הייסט עס... ניין. איך קוש ניט קיין חכמים: צופיל ריזיקאליש — מ׳קען דארפן צאלן א טייערן פרייז...

— און נאראנים?.. — האט ער געוואלט וויסן.

— מיינסגלייכן — אפשר... אבער צו די דאזיקע געהערט איר ניט.

א שאד... — האט ער געלאכט — איר זייט אבער ניט קיין רעכטער מענטשן = קענער, ווי איך זע....

— דאס שטימט. געגוי ווי ביי אייך — דא זיינען מיר זיך גראד אייניק. — האט זי גערן באשטעטיקט — איז, ווילט איר ניט זאגן, ווי איר הייסט? דארף מען ניט. אזא מ׳מחה אויף אויסצוגעפינען נעמען, ווי איר, בין איך אפשר אויך...

— ?..

— איר וועט הייסן...— ווארט א ווילע: — האט זי זיך פארטראכט און איר פנים האט באקומען א מאדנעם פארגייסטיקטן אויסדרוק — איר וועט מסתמא הייסן, איך זאל בלייבן, — שווימען זאלבענאנד אויפן טייך... נאר איך וועל טאן אזוי, ווי איך וויל, אדער — ווי כ׳וויל ניט...

און איידער ער האט באנומען דעם זין פונעם געזאגטן, האט איר געשטאלט שוין געפלאטערט, דערווייטערט אביסל פון אים: זי איז געלאפן אין דער ריכטונג פון דארף, ווו זי האט אפנים געהאט איר זומער = וווינונג.

ער האט איר נאכגעקוקט פארגאפט. ס׳האט אים אויסגעוויזן, אז אין געלאף האט זי אויסגעדרייט דעם קאפ אויף צוריק, א קוק געטאן אין זיין זייט און געלאפן ווייטער. און אפשר האט זיך אים בלויז געדוכט?..

ער האט ניט געוווסט, וואס צו טאן: צי וויל זי ניט אמאל, ער

זאָל איר אַניאָגן און איינהאַלטן?... צי זאָל ער עס אפשר טאָן? טאַקע ניט לאָזן איר אַנטלויפן?... ניין. צו דעם האָט ער אייגנטלעך ניט קיין חשק, בפרט, ווען ער ווייס ניט גענוי איר פֿאַרלאַנג. אויב זי וויל אַנט-לויפן... אָבער פֿאַרוואָס? פֿאַרוואָס טוט זי דאָס?..

א שוואַלב האָט אומרואיק גענומען קרייזן איבערן וואַסער, אַזוי נידעריק, אַז איר פֿליגל האָט מאָמענטנווייז געטונקען זיך אינעם פֿליסיקן זילבער.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן הימל: טונקעלע וואָלקנס האָבן, ווי קעגנטאָרן, אָנגערוקט פֿון צפֿון, פֿאַרכלינעט די זון און געטריבן מיט רוגזה די לעצטע שטיקלעך בלויקייט, וואָס האָבן נאָך ווו - ניט - ווו זיך גע-וואַלגערט אויפֿן הימלס פֿאַרשעמטע טישן...

געזען, ווי דער הימל ביילט דראָענדיק אַ פֿויסט אינעם וואַסער-שפּיגל, האָט ער געלאָזט זיך לויפֿן צום שיפֿל.

* * *

מירקע פֿלעגט איצט קומען כמעט טאָג - טעגלעך. ס'האָט זיך איינגעשטעלט צווישן זיי אַ מין זעלטענע, פֿריינטשאַפֿט פֿון יענעם אַרט, וואָס טרעפֿט אַמאָל צווישן מאַן און פֿרוי אין דער גאַנץ פֿריער יוגנט, ווען איינס ציט צום אַנדערן, און יעדעס איז גרייט זיין ווען אַוועקצולייגן דעם אַנדערן צו די פֿיס, — נאָר זיי זאָגן עס זיך ניט אויס...

טעג זיינען געשטאַנען לויטערע, ווי ווײַן, מיט בלויען שוים ביים ראַנד — כאָטש נעם און טרינק און גיי אַרום אַ שכורער אויף גאָטס וועלט!..

איינמאָל האָט זי געזאָגט צו אים:

— נו, באַלד וועל איך מוזן אַהיימגיין: שבת — מיין מאַן איז מסתמא געקומען פֿון שטאָט און וועט ניט וויסן, וווּ בין איך עס אַהינ-געקומען...

— איר מאַכט דאָס אָבער גוט, לבנה'יק מיידל! — ווענן דעם אויסגעדאַכטן מאַן, מיין איך; אַזוי גוט, אַז און אַנדערער אויף מיין אָרט, וואָלט אייך שוין זיכער געגלויבט. נאָר, ווי געזאָגט, ניט געטראָפֿן דאָס נאַאיווע אָרט...

— אַ טשודאַק זייט איר — נו, וואָס זאָל איך מאַכן מיט אייך?..

— איז מירקע געוואָרן ערנסט — אַזוי איז עס שוין: זאָגט איר אמת, גלויבט מען אייך ניט אַ האָר. פּרוּווט אָבער זאָגן אַ ליגן און תיכף זייט איר באַגלייבט. עך, אַ וועלט, אַ וועלט!...

* * *

זיי זיינען געשוווּמען זאַלבענאַנד אויפֿן טייך, געמאַכט ווייטע אויספֿלוגן אינעם שיפֿל און אומגעגאַנגען שעה'ן־לאַנג אין וואַלד.

זיי האָבן אַלץ נאָך ליב געהאַט צו שטרייטן צווישן זיך. איז עס געקומען דערפֿון, וואָס זיי האבן סתם גערן געהאַט דאס וואָרט־געפֿעכט? אדער — געוואָלט אפשר פֿאַרדעקן דערמיט דאס גאָר מילדע און צערטלעכע, וואס יעדער פֿון זיי האט געטראָגן אין זיך פֿאר דעם אַנ־דערן?.. אזוי צי אַנדערש — אפֿט איז מען געווען אַ־יך „מעסער־שטאָך". נאָר דאָס האט בלויז צוגעגעבן זייער באַקאַנטשאַפֿט אַ באַ־זונדערן רייץ...

נאָר מירקע פֿלעגט איצט ניט אנטלויפֿן מער פֿון אים: ניט גע־וואָלט, אפֿנים, רויבן רגע'ס באַנגע פֿרייד ביי יענע קאַרגע טעג, וואס זיי־נען קיים פֿאַרבליבן ביז דער צעשיידונג.

אייגנטלעך האבן זיי זייער ווייניק געוווּסט איינס וועגן דעם אַנדערן:

זי האט געוווּסט בלויז אזויפֿיל, אַז ער איז עלעקטראָמאָנטער אין שטאָט און אַז אין צוויי וואָכן אַרום וועלן זיי זיך מער דא ניט באַגעגענען, ווייל דעמאָלט ענדיקט זיך זיין אורלויב.

און ער וועגן איר האט ניט געוווּסט קיין סך מערער, ווי דאס, אַז זי איז לערערין און פֿאַרברענגט איצט אירע פֿעריען אין דאָרף. אַביסל האט ער אויך געמיינט צו קענען אירע אנשויאונגען און כאַ־ראַקטער.

דאס איז געווען כמעט אַלץ, וואָס זיי האבן געוווּסט וועגן זיך. נאָר דאס האט זיי גאָרניט אויסגעמאַכט. זיי האבן אפֿילו ניט געפֿרעגט, גלייך, ס'זאָל עקזיסטירן צווישן זיי אַ שטילער אָפּמאַך צו באַגנוגנען זיך פּשוט דערמיט, וואס דער אַנדערער זאָגט אליין וועגן זיך און ניט פֿאַר־לאַנגען מער...

איינמאָל האט אַפּערגעגליטשט זיך ביי איר פֿון אונטערן גומען:

— דעם נאָענטסטן פֿרילינג רעכן איך צו פֿאָרן אין אַרץ.

ער האט דאס אויפֿגענומען, ווי אַן אַנטפּלעקונג.

— זייט איר גאָר אַ ציוניסטקע... — איז ער געווען דערשטוינט.

— יאָ. צי דאס געפֿעלט אייך, אדער ניט..—האט זי זיך מיט אים גערייצט.

— איך בין ניט קיין לץ, כ'זאָל פֿון אַזאַ קוק־ווינקל באַטראַכטן

די זאַך — איז ער געווען ערנסט — גאר פשוט, כ'האב דאס ניט געאַנט. ווי קומט עס צו אייך, לבנה'יק מיידל, מיט אייער ברייטן שווונג, מיט דער גרויסער מענטשן = ליבע, מיט אייער ברען, צו קעמפן פאר א גערעכטע זאך?...

— טאַקע דערפאַר... פאַרוואָס זאָלן מיר דען תמיד קעמפן פאר פרעמדס? פאַרוואָס זאָלן מיר אין אונדזער לאַנד ניט באַלעבאַטעווען אזוי, ווי אונדז געפעלט?..

— ניט שלעכט געמיינט! און דאך, איז עס אוטאפיע — א שאָד אייער ברען פאַר אַ פאַרלוירענע זאַך. מיין וועג איז אַן אנדערער...

— דאָס וועלן מיר נאָך זען...

— וואס?

— כ'מיין, מירן נאָך זען — ערשטנס, צי ס'איז טאַקע א „פארלוירענע זאַך", צווייטנס — מכח אייער „אנדערן וועג". מירן זיך דאָך באַגעגענען אין שטאָט...

— כ'מיין, דאס וועלן מיר ניט זען... און אַכט טעג פאָר איך אהיים און אלץ איז אזוי אומקלאר; טאָמער מיידט אונדז ניט די מלחמה, דאַן — איר קענט דאָך דאָס סאָלדאַטסקע לידל: „היינט דאָ און מאָרגן דאָרט". די וועלט איז אזוי גרויס און איך געפין ניט מער לבנה'יק מיידל...— האט ער שטיל געזאָגט:

— די וועלט איז קליין פאר די, וואס ווילן זיך געפינען...

מירקעס אויגן האבן געלויכטן פאר אים גרינער נאך, ווי תמיד און איר פנים האט באקומען יענעם זעלטענעם, פארגייסטיקטן אויסדרוק, וואס האט פארשטשעמעט זיין הארץ.

ער האט אנגענומען איר האנט:

— און ס'קען זיין, כ'וועל גיין אויפן פראָנט און ניט צוריקקומען...

אן אייזל איז ער, ניט מער!.. — איז ער געווען אין כעס אויף זיך — נאָכוואס האט ער ארויסגעזאגט די דאזיקע נארישע רייד?... אָט האט איר האַנט אַ ציטער געטאָן אין זיינער און די אויגן זיינען געוואָרן מאַט, ווי עמיץ וואָלט פלוצים אויסגעלאָשן אין זיי דאס ליכט.

— דאס וואָלט געווען אַ שאָד — האט זי אויסגעמורמלט נאָך אַ ווײַלע שווייגן — איידער איר האט נאָך באַוויזן צו גיין דעמזעלבן וועג, וואס איך...

דער טרויער איז פאַרבייגעפלויגן אזוי נאָענט נעבן זיי, אז זיי האבן, דוכט זיך, דערפילט די באַרירונג פון זיין פליגל.

ער האט איצט געוואָלט קושן איר האַנט. אין דעם אויגנבליק האט האס אים אויסגעוויזן צו זיין די העכסטע אנטציקונג, האס אייניציק גרויסע און גליקזעליקע אין זיין לעבן...

נאָר זי האט באפרייט איר האַנט פון זיינער און דאס האט אים ווידער געמאַכט טרויעריק.

און מיטאמאל, אזוי ווי אַנענדיק, אז אין דעם אויגנבליק איז צערונען ביי אים עפּעס א האַפענונג, האט מירקע מיט דער זעלבער האַנט באַרירט זיין פּנים און געלאזט איר א ווײַלע א מבאוועגלעך אויף זיין באַק — ווי א בלאַט, צוגעטוליעט צו אַ פויגל־נעסט, בעת ביידע זייגען באַדראָט פון שטורעם.

— גיט באַדאַרפן... — האט זי אַ טראַכט געטאָן — וואס מיינט זי דען דערמיט?..

איר האַנט האט א ווײַלע אנגעקוואלן פון דעם זייער זאנפטן, וואס האט געפלאסן אונטער דער הויט פון זיין באַק, ווי פון אַ קאַלטן טרונק; זיין פנים האט אריינגענומען אין זיך דעם ציטער פון אירע פינגער און די וועלט האט מיטאמאָל זיך איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ, פאַרשטעלנדיק ביידנס בליקן מיט א בלויען שלייער...

צי האט איר באַרוועסער פוס ארויפגעטראטן אויף א שטיינדל אינעם גראָז, אויף א האַרטער גרודע ערד, אָדער גאָר אויף די שוועל פון זיין האַרץ?.. זי האט זיך א וואקל געטאָן און ער האט דערזען אין אירע אויגן דעם גרינעם, צעשראקענעם פלאַם...

— ביסט זיס... — האט ער אויסגעפליסטערט, איידער ער האט געקושט איר מויל.

— אפשר וועלן מיר זיך דורכשפּאַן צום בארג? — האט זי געזאָגט. אין איר שטימע האט נאָך געפלאַטערט דער אומרו פון א באַרוישנדיקער רגע, נאָר די אויגן האבן ווידער געהאט דעם שטענדיקן גלאַנץ.

ער האט זיך אנגעכאפּט אין איר פארשלאָג, ווי אין א גוטער האַנט, וואס פירט ארויס אויפן גלייכן וועג, סאמע ביים ראַנד פון אַן אָפּגרונט...

— בלייבט דא ווארטן אביסל; — האט ער געזאָגט — איך וועל צוגיין נאכן שיפל און קום גלייך אהער.

ער האט זיך געאיילט, נאָר, אז ער איז צוריקגעקומען, איז מירקע מער גיט געווען...

— טפו, צום טייוול! — איז ער געווען אין כעס אויף זיך, גע-לאזן האס שיפל און אוועק נאך איר אין געלאף.

כמעט אנגעיאגט האט ער איר ערשט ביים דארף, אבער נאך אלץ ניט געכאפט.

פאר א הייזל איז געשטאנען אן אלטער פויער. דערזעענדיק די לויפנדיקע, האט ער זיך צעלאכט:

— עי, שמעטערלינגל! וואס אנטלויפסטו, ווי א ניט-גוטע פון דעם עלגנטן קאוואליר? דוכט זיך, ניט קיין מיאוסער סאקאל, דער פאן!..

אבער מירקע האט אים ניט געהערט; און איין אטעם איז זי אריינגעפאלן אין דער קעגנאיבערדיקער כאטע, פון גרויס אימפעט אנ-שטויסנדיק זיך אין רוקן פונעם הויכן מאן, וואס האט געהאלטן אין וואשן די הענט אין א הילצערנער קאריטע; נאך איר — דער פרעמדער „פאן"...

דער מאן איגעם צימער האט, א דערשראקענער, אויסגעדרייט זיך צוביידן מיטן פנים, אריינכאפנדיק מירקען אין זיינע נאסע אָרעמס, ווי ער וואָלט איר וועלן שיצן פון דעם אומבאקאנטן שלעכטס. זיינע אויגן האבן געווארפן א בייזן בליק אויף דעם פרעמדן, געוואלט וויסן, וואס ער מיינט מיט אזא אריינפאלן אין זייער שטוב...

יענער איז געווען פארלעגן.

— אנטשולדיקט פאר מיין איבערפאל! — האט ער ניט געוווסט, וויאזוי זיך צו פארענטפערן פאר דעם מאן, וואס האט אים אויסגעוויזן צו זיין עפעס ענלעך צו זיין פריינדן — נאר איר וואלט געמעגט גע-מען א רימען אין דערלאנגען אייער שוועסטער אזעלכע שמיץ, אז זי זאל עס לאנג געדענקען: זי מאכט חוזק פון א מענטשן. מיר זיינען שוין דריי וואָכן באקאנט, פארברענגען, ווי פריינט און אויף איינמאל — זי איז ניטא. לויפט פייל-פון בויגן אהיים, ווי עמיץ וואָלט איר מיט געוואלט צוגעהאלטן, אדער זיך נאָך איר געיאָגט. וואָס בין איך, א ניט-גוטער, וואס מ'קען ניט רואיק אוועקגיין פון מיר, נאָר מ'מוז לויפן אן א זייי-געזונט?.. — האט ער האלב-וויציק, האלב-ערנסט, אויסגעטייטשט, אין וואס עס גייט.

דעם מאנס אויגן זיינען געווארן מילד. ער האט אפגעלאזן מירקען, דערנענטערט זיך צום פרעמדן און אים דערלאנגט די האנט. ס'איז קאנטיק געווען, אז ער האלט קוים איין דאס לאכן, בעת מירקע האט זיך ממש געשטיקט.

— איך היים גרשון. — האט ער פריינטלעך געזאָגט — אנטשולדיקט איצט מיין חשד — איך גלויב, מיר וועלן זיין פריינט... אייגנטלעך קען איך אייך שוין אביסל, מיין פרוי האט מיר וועגן אייך דערציילט. נאר איך האב געמיינט, די גאנצע מעשה איז ניט וואָר, אז דאס איז בלויז אן איינפאל פאר א נייער דערציילונג, וואס ווערט געבוירן ביי איר אין געדאנק. דאס מאכט זי טיילמאָל אזוי, און לויטן אייגנדרוק זעט זי איין, צי די קאָנצעפּציע איז ריכטיק, אדער ניט...

זעענדיק דעם פרעמדנס פארלוירנקייט, האט ער געדראָט מירקען מיט א פינגער:

— זע, לאָבוז איינער, וואָס דו האָסט אָנגעמאכט!..

און, ווענדנדיק זיך צום פרעמדן, האט ער אים דערלאנגט א שטול.

— זיצט, זייט אזוי גוט, וואסזשע שטייט איר גאָר ביים טיר?.. מאַכט אייך ניט דערפון — אזא איז זי שוין, מירקע, קען איינעם דערגיין ביז אין דער זיבעטער ריפּ. נאָר שאַדט ניט, ווען זי שטעכט, דעם האט זי דווקא ליב... און ווי איז אייער נאָמען?

— דוד... — האט יענער אויסגעשטאמלט, אַוועקזעצנדיק זיך אויף דער טאבורעטקע. ער האט זיך געפילט, ווי אין א מין פארכישופטן קרייז...

— קום נאָר, שיקסע, האט גרשון זיך ווידער געוואנדן צו זיין פרוי. — ביסט דאָך עפּעס באַלעבאָסטע, — דערלאַנג אונדזער גאַסט א גלעזל מילך און זע, פארגעס ניט דעם כיבוד, וואס איך האב מיטגעבראכט פון שטאט...

נאָר מירקע איז איצט געווען ברוגז אויף גרשונען, הלמאי ער האט אויסגעגעבן דעם סוד, אז זי שרייבט...

— א פלוידערזאק ביסטו, ניט מער: אלץ געמוזט דערציילן, אלץ!.. — האט זי זיך געבלאזן ווי א קינד, דערלאנגנדיק מילך און דאס געבעקס, וואס די מאמע האט געשיקט מיט גרשונען פונדערהיים, נאר די בליקן האבן זיך געצויגן צו אים מיט ליבשאפט, בעת דאס מויל איז כלומרשט געווען פול כעס...

— כ'האב דאך אייך געזאגט — האט זי, לאַכנדיק א וואָרף געטאָן אין דוד'ס זייט איר קאשטאן-ברוינעם קאָפּ-האר, וואס האט, אן אנטבלויזטער, שימערירט איצט אנטקעגן דער גאלדיקייט פונעם פארגייענדיקן טאָג — געזאגט, אז כ'האב א מאַן. און איר האט זיך איינגע-

שפארט: א מיידל און א מיידל, שיער ניט א קינד... ער, משוראק, משוראק!..

— איר זייט ניט דער ערשטער, וואס מאכט דעם דאָזיקן טעות — האט גרשון אַנגעקוואלן און ניט געוווסט, פאַרוואָס ער איז אייגנטלעך אזוי צופרידן — אלע מיינען אזוי און ווילן איר ניט גלויבן. נאָר איז עס דען ניט אַלץ איינס?..

— ניי, וויס!..— האט יענער אָפּגעענטפערט. — ביסלעכווייז האט זיך באַרואיקט זיין געמיט. גרשון האט אים איינגענומען מיט זיין גוטמוטיקער פשטות, מיט דער וואַרעמקייט, וואס טליעט אין זיין בליק און מיט נאָך אַ סך אייגנשאפטן, וועלכע מ׳פילט אויס אַמאָל אין א מענטשן, אַפילו, ווען מ׳ווייס זיי ניט געגנוי. — געווען זיכער, אז כ׳קען זיך אויף מענטשן — און דאָ, נאָדיר אַ סורפּריז!.. איי, וועט זי מיך צימבלען, אייער מירקע, ביזן גרויען צאָפּ וועט זי מסתמא ניט פאַרגעסן מיר דעם טעות מיינעם — א יאָ, מירקע, אביסל קען איך אייך דאָך!..

און צום ערשטן מאל אין דעם צימער, האט ער זיך צעלאַכט.

— א מצוה אויף אייך, — האט גרשון זיך אריינגעמישט. — טשע־פעט ניט קיין לבנה׳יקע מיידלעך... זיי קענען פאַרפירן, איר זאלט ניט וויסן, ווו אייער געביין קומט אַהין און האט נאָר גיך, צווישן „יאָ” און „ניין”.. און עסט קוכן, ביטע, עסט! — האט ער אים אונטערגע־טראָגן דעם טעלער מיט געבעקס. — ס׳אי ניט שלעכט, מיין שוויגער איז א קענערקע אין דער קוכסט. נאר איינס פאַרדריסט מיך תמיד אויף איר: — פאַרזוך — זאָגט זי, ווען זי איז מכבד, געהערט א חכמה? וואס פארא פאַרזוכן, פרעג איך, אז מיר וויל זיך גאר עסן אויףביידע באקן אזעלכענע מטעמים!... און איר — הערט מיין עצה, פאָלגט מיר נאָך. ס׳וועט אייך אסור אפקומען דערפון א גראם... דו, מירקע, זע איך שוין, וועסט ביי אונדז היינט ניט שלאָגן רעקאָרד...

אזוי האבן זיי געלאַכט, קייקלענדיק דאס געלעכטער צוזאמען מיטן זיסוואַרג אין מויל.

דוד איז מער ניט געווען געפּלעפט. דער ברייטער, פאַרטרוילעכער שמייכל, וואס האט געשפילט אויף גרשונ׳ס פנים אינעם צונטער פון אָפּ־טרעטנדיקן טאָג, האט פאַריאָגט די רעשטלעך פאַרלוירנקייט און געצוווּנ־גען צו פילן זיך היימיש און פריי.

אַ צייט־לאַנג האבן זיי פאַרברענגט אין שמועסן, פילנדיק בעת

מעשה, ווי ס'וועבט זיך צווישן זיי אן אינטימקייט פון זעלטענעם מין...
דערנאָך איז דוד געגאַנגען אהיים.

— ווי ענלעך דער מענטש איז צו מירקען און ווי אנדערש גלייכצייטיק פון איר! — האט ער געטראַכט.

געמישטע געפילן האבן פארפלאָכטן אין אים אַ נעץ: אַ גרויסע פרייד האט זיך געשפרייט אין זיין געמיט — און האנט־ביי־האנט מיט דער פרייד האט אַ באנג געפיל אריינגעוועבט אַ דינעם שפינוועבס אינעם חלום פון דער זומערדיקער נאכט...

ער האט געטראַכט וועגן מירקען און ס'איז אים געווען אזוי, ווי ער וואלט פלוצים פארלוירן אַ מין טייערע זאך...

צי קען מען פארלירן עפעס, וואָס מ'האט גאָר קיינמאָל ניט גע־האט?.. — האט ער געפרעגט. ביי וועמען? — ביי דער נאכט, ביי זיך? און ס'איז אים געווען טרויעריק צו דער זעלבער צייט...

## זומער 1947

ער איז געלעגן אויף דער סאָפע. דאס אָפענע בוך האט נאָכלעסיק געוואַלגערט זיך ביי אים אונטער אן עלנבויגן, נאר ער האט געבלעטערט דאס פאַרגאַנגענע לעבן און געזען, ווי אַלץ ביז צו דער באַקאַנטשאַפט מיט מירקען איז בלאַס און ווערטלאָז און באַזיצט אייגנטלעך ניט קיין זין.

ער האט געטראַכט וועגן דעם מלחמה־שטורעם, וואָס האט אזוי אומגעריכט זיי צעשייהט, וועגן יענע יאָרן אויף די פראָנטן, שוין נאָכדעם, ווי די בהלה האט אים פארטריבן פון פוילן — וועגן די שלאכט־פעלדער, וואָס האבן ערשט רעכט פאר אים זיך אנגעהויבן ביי לענינגראָ, שלאַכט־פעלדער, ווו ער האט, צוגלייך מיט נקמה איבער די דייטשע רוצחים, געזוכט אויף דעם אייגענעם אומקום און אים ניט געפונען...

— טפו טשאָרט, אַ פארכשופ'טער ביסטו, צי וואָס?... — האט ניט איינמאָל אַ פאָליאַק איבער אים געשטוינט — רק דו שטופּסט זיך דעם שונא אין די שליפּיעס! אבי ס'זאָגן אונדזערע פאנעס, יידן זיינען ניט קיין איבעריקע העלדן: אן אנדערער אויף דיין אָרט וואָלט שוין לאַנג געלעגן מיט די קאָפּיטעס אַרויף, און דער, ווי אַ ניט־גוטער, — שטעקט דעם קאָפּ אהין, ווו דער טייוול אליין וואלט אָפּגעסמאַליעט די ידים... ליג איינגעלייגט, זאָגט מען דיר, היט אָביסל דיין זעקל ביינער, ווייל אזעלכע בראַברעצעס וואַקסן ניט אויף אַ שטיין!..

מייגסטו, ס'איז מיין באבעס דאגה?.. — פלעגט דער זעלבער אויסטייטשן, זשמורעגדיק צו אים גנביש מיט אן אויג — כ'וואלט אסור געזאגט א וואָרט, ווען ניט די קראנקגשוועסטער... דאס אָרעמע מיידל פארלירט די באַקעס צוליב דיר, הינטישער זון, ס'פלייש פאלט פון איר פונטנווייז, — דו קוק איר נאר אָן: א וואָלקן פון איר געבליבן, ניט מער... און דער, ווי ניט אים מיינט מען... ערשט נעכטן האט זי באשווירן ראָמעקן, ער זאל דיך אָפהיטן, ווי אן אויג אין קאָפ, א ניט, וועט זי אים צושנײַדן אַזאַ וועש, אז ער'ט דאס פארגעדענקן!

וואס מיינסטו דיר, טשאָרט איינער, עמיץ וועט געבן פאר דיר דעם קאפ?!... — האט ער זיך כלומרשט געזידלט, בעת די איבעריקע האבן מיט געלעכטער פארהילכט די זיעמליאנקע, צובאַשוועגדיק דעם חברה'מאן.

— טאַקע אזוי — א קונץ דאס איז! דו'סט אויסציען די קאפיטעס און מירן דערנאָך „אָטוויעטשאַיען" פאר דעם שיינעם מ'ן!..

אזוי, צי אנדערש — מ'האט זיך געוויצלט אבער אים, דוד'ן, האט אלץ דער רוח ניט גענומען: געגאנגען אין ראזוויעדקעס, געפירט אין אַטאַקעס, געשטעפט דעם שונא פונעם קוילן-וואַרפער, געבריזגעט אויף אים מיט גראַנאַטן — און געלעבט...

— אזא הויט ביי מיר, ברידערלעך!.. — פלעגט ער זיך וויצלען בחברותא — ס'נעמט איר ניט קיין פייער, ניט קיין וואסער, א ברכה פון א רבי, — איר פארשטייט?..

וואס נענטער ער איז געקומען צו פוילן, אלץ בולטער האט זיך פאר אים געצייכנט „מירקעס וועג". פון די אפגעמעקטע יידישע ישובים, פון דער גאַנצער מאַרטיראָלאָגיע פון זיין פאָלק, האט צוערשט א שמאָלע סטעזשקע ניט דרייסט זיך געשלענגלט פאר זיין מידן בליק, דערנאָך פארשארפט די קאנטורן, גענומען זיך אויסברייטערן אין זיין דמיון, אריינגעמענדיק אין זיך די העראָאישע אויפשטאנדן פון יידישע „פאַריער", ביז ער האט דערזען פאר זיך זיין וועג אין מירקעס שווערן, סכנותפולן שליאך, ביי וועמענס ראנד ס'בערגלען זיך פרישע קברים און דאָרט שפראָצט און גרינט אויף אים דאס לעבן, וואס שפּאַרט פאַרויס, אלץ נענטער צום ארט, וווּ ס'דעמערט בלוי דער פרימארגן...

אונטער גרויען, פארכמארעטן הימל האט זיך דער וועג געשלענגלט צווישן וועלדער, אריינגעריסן זיך אין בארג-שטיין, געשניטן ברויזנדיקע ים-כוואליעס און געמאָנט ביי אים, גערופן...

נאָר עפּעס איז עס ביי אים, ביי דוד'ן, ניט געווען אזוי פּשוט: א צייט־לאַנג געשטאַנען פונדערווייטנס, געשפּאַנט אויף פרעמדע מרחקים, אויסגעמאָסטן אַלע וועגן, א חוץ דעם איינציקן, וואָס פירט צו עפּעס רירנדיק אייגנס, צו היימלאַנד... און פּלוצלונג, מיטאַמאָל — —
— ניט גיין, ניט שפּאַנען, נאָר — עולה זיין?..
און אויסגעלאָשענער, צעאַקערט פונעם חורבן, האָט ער געבלאָנדזשעט איבער די רואינען פון זיין אויסגעשחטענער שטאָט און זיין צעברעקלטע נשמה האָט געזוכט עפּעס, אַן וואָס צו פאַרטשעפּען דעם „בעל כורחך אתה חיי".
— מאָרגן בין איך עולה... — האָט א בחור געפּליסטערט, אריינגעפּלאָכטן אין א קליין געזעמל בני־ישראל, וואָס פלעגט פּלוצים אויסוואַקסן נעבן דוד'ן, ווי א נס. — מאָרגן גייט ער אויף עליה, מיין קיבוץ...
און מיינער אויך — די נאָענטסטע טעג... — האָט א צווייטע שטימע אָפּגעענטפערט און אויגן זיינען געווען פלאַם... איז עס דער אפשיין פון יענע שייטערס, אין וועלכע ס'האָט פאַרפלאַקערט יידישקייט צוזאַמען מיט יידן?.. — אדער איז עס אפשר דער פלאַם, דער שעפערישער, וואָס פירט א דור צו זיין דערלייזונג?..
אזוי האָט די אומוואַנדלונג אריינגעבליט אין אים מיט א וואָרט, מיט אַ רוקזאַק אויף דער פלייצע, מיט שטרעבונג־צעצונדענעם בליק... נאָר פאַר אים, פאַר דוד'ן, וואָס האָט פארשוואונדעט זיין יונגנט פאַר פרעמדס, איז גאָרניט געווען לייכט די זאַך: וויאזוי'זשע? פאַרוואָס? האָט אין קאַלטן וואַסער ניט געטאָן און — עולה זיין?.. פאַרוואָס קומט אים אַזאַ זכות?...
און אזוי האָט ער אַנגעהויבן זיין אַרבעט אין „בריחה"...
פינצטערע נעכט מיט יידן־עדות אויף געהיימע וועגן־שטעגן.
א שפּאַנען.
א שווייגן.
קינד אויף מאַמעס אַקסל האַלט איינגעטאָיעט דאָס געוויין....
מענטשן, געשעענישן, געפילן...
און די באַגעגעניש מיט מירקען, די אומגעריכטע — שיער ניט א חלום...
ער געדענקט — — —
אַ פינצטערע האַרבסט־נאַכט אין די בערג:
— יידן, האָט ניט קיין מורא, מיר זיינען מיט אייך!.. — א מין

פאַראַל צו די „עולה־רגל'ניקעס", וואָס ער פּלעגט נאָך אַלץ ניט קע־נען אַרויסזאָגן אַן ציטער.

און פּלוצלונג — אַ העליש פייער אין הארצן, אין מח, האָט פּנים נאָס פון מירקעס טרערן און דער ליטער, אויף וועלכן זיי קלעטערן זאַלבעדריט צום הימל: צוויי דערוואַקסענע מיט פאַרביטערטע נשמות, צעהעלט פון בראשיתדיקן וואונדער, און דאָס קליינע לעבן ביי מירקעס זייט, וואָס שווימט פאַרטרוילעך אַריין אין דריטן יאָר, געוואָדערט פון מוטערלעכע הענט...

מירקעס ברעקעלע, וואָס טראָגט זיין נאָמען. פאַרוואָס ניט זיינס?.. און ס'איז געווען אַ ווײַלע:

ערגעץ, ניט צו וויסן, וווהין, איז אַנטרונען דאָס האַרץ, איבער־לאָזנדיק אויף דעם אָרט אַ שטיק הוילן ווייטיק — — — —

גרשון?..

ניטאָ שוין מסתמא צווישן די לעבעדיקע, ווי דען אַנדערש קען געמאָלט זיין אַ מירקע מיט אַ קליין נפשל אין איינזאַמען וואָגל אויף האַרבסטיק ־ נאַכטישע שליאַכן?..

און אינעם כוס פון ווייטיק איז אין אַ קלייגעם ברוכטייל פון אַ רגע, ווי אַ הין ־ דינינקער זילבער ־ פאָדעם, אויפגעשווומען עפּעס זייער לייכטס, געמיט ־ גלעטנדיקס, וואָס דוד האָט מיט כעס געוואָלט און ניט געקענט דערטרינקען אין זיין צער.

איצט איז מירקע אַליין... — האָט דאָס לייכטע אין אים גע־פּלאַטערט, אויסגעפּילט דאָס גאַנצע וועזן און מיטאַמאָל געוואָרן וואָגיק.

ביין. דער ווייטיק איז ניט פאַרשוווּנדן: די גוטע אַנונג פונעם געווינס האָט ניט געקענט פאַרוקן אין הינטערגרונט דאָס געשעענע — די פּיין פונעם פאַרלוסט, וואָס לאָזט זיך ניט מעסטן מיט קיין שום רעקאָמפּענסאַטע.

נאָר דאָס קינד אויף זיינע הענט, וואָס האָט אין דער רגע אַריינ־געאָטעמט אין דוד'ס ברוסט זיין קינדישן חלום, און מירקעס מידקייט, וואָס האָט זיך געוויגט נעבן אים אין דער מענטשן ־ מחנה, איינגעהילט אין פינצטערניש, — אַלץ דאָס האָט צעטומלט די געדאַנקען; און ניט געוווּסט האָט ער, דוד: פליט ער צו הימלען, אָדער קייקלט ער זיך אין אַ תהום?..

— גרשון איז געבליבן אין לאָדזש, מוז נאָך אַרבעטן, מ'לאָזט

אים ניט אװעק... — האט מירקעס שטימע איבערגעקערט פּלוצלונג זײַן גיפטיקן כּוס, אַנפּילנדיק אים מיט פרייד.

גאר דער דינינקער זילבער־פּאדעם, וואס האט מיט א מינוט פריער געהוידעט זיך שעמעוודיק אויף דער איבערפלאך פון ווײַ, האט איצט, אין איינגעשרומפּענער, צוזאמענגעקנוילט אויפן דנא פון דער פרייד, געוואלט מוטנע מאכן איר לויטערן פלוס...

אין, ווי דעמאלט, בעת זײַן באקאנטווערן צום ערשטן מאָל מיט גרשונען, איז אים א ווײַלע געווען אזוי, ווי ער וואלט ווידעראמאל פארלוירן עפּעס, וואס ער האט קיינמאל ניט געהאט...

אויסקושנדיק דאס נפשל, וואס איז נאך אלץ געשלאפן ביי אים אויף די הענט, האט ער עס דערלאנגט מירקען. דערנאך, א ניט געזעענער און ניט זעענדיקער אין דער נאכט, אפגעריסן א לעצטן קוש פון איר מויל, וואס האט געשמעקט פריש און קיל, ווי א בלאט...

דערנאך איז ער געבליבן אויף איין זייט גרענעץ, און, דורכשפּיזנדיק מיטן בליק די חשכות, געוואלט אויסגעפינען די צוויי טײַערע סילועטן אין דער מענטשן־מחנה אויף דער אנדערער גרענעץ־זייט.

דערנאָך, מיט א האַרץ, איבערפולט פון דער אומגעריכטער באגעגעניש, איז ער איילנדיק אוועק אויף צוריק, צו זײַן „אויסגאנגס־פונקט", וווּ ס'האט ווידער געווארט אויף אים א יידן־עדה, גרייט צום וואנדער.

דערנאך האט אים גרשון אפגעזוכט אין דעם גרענעץ־שטעטל (דערוווסט זיך פון מירקעס בריוו) און צוזאמען זיינען זיי געקומען אהערצו, אין מינכען...

— — — נאר אט שטייט זי, מירקע, אין דער אפענע טיר אין איר העלן קליידל, גלייך נאך איין זון־פלעק וואלט ארײַנגעשווומען אין צימער, פארטונקלענדיק די איבעריקע, וואס הענגען איבער שטיקער דײַטשע געמיטלעכקייט, מיד און מאט פון ארומהאווען אין דער זומערדיקער לאנדשאפט.

— דוד'ל שלאָפט מחיה'דיק אין גארטן... — האט זי געזאגט, צולייגנדיק זיך נעבן אים אויף דער סאפע.

— און איך וואלט זיך איצט ניט גערירט פון דאנען. א מין פוילקייט איז מיך באפאלן. אפשר גלאט אזוי, ווייל ס'איז שבת און אפשר, ווייל כ'בין מיד פון דער ארבעט, צי פונעם לעבן. זעסטו, מירקע, אזוי איז עס מיט אונדז: מ'ארבעט, מ'גלויבט אין דער צוועקמעסיקייט דערפון, אבער אויפן דנא פון יעדער טואונג נאָיעט דער צער פונעם פאר־

גאַנגענעם. אפשר דערפאַר, ווייל מיר זיינען נאָך אין דייטשלאַנד? נייז. ניט נאָר דערפאַר... מיילמאָל פיל איך, אַז דאָס וועט אַזוי נאָכגיין אַ מעטום און אייביק. גוט איז די יעניקע, וואָס נעמען ס'לעבן אַזוי, ווי ס'איז און פאַרסמען ניט מיט קיין טראַכטעניש די חיי־שעה... — ער האָט אַפּגעריסן אַ האַנט פון הינטערן קאָפּ און אַרומגענומען מירקעס אַקסל. — טאָ וויאַזוי לעבט מען עס, מירקע, מיט אַן אייביק אָפענער ווונד אין האַרצן?...

אין דער ווענדונג צו מירקען, אין זיין בליק, איז געווען דער אומרו פון אַ קינד, וואָס האָט אין פלאַנטער פונעם אַרום פּלוצלונג זיך פאַרלוירן און, ניט ווייסנדיק, ווו איין, ווו אויס, זוכט עס באַשייד אינעם קוואַל פון דער מוטערס אַלוויסן...

זי האָט זיך דערשראָקן. ווי ס'וואָלט אומגעריכט צעעפנט זיך פאַר איר אַ תהום:

הייסט עס, אַזוי זעט אויס די רואיקייט און גלייכגעוויכט זיינע, פון וועלכע זי האָט ביז איצט געשעפּט יניקה, געמיינט צו קענען זיך אָנשפּאַרן אין איר, ווי אין אַ פעלז... און אַזוי איז עס אויך מסתמא מיט גרשונען. — האָט זי מיטאַמאָל געוווסט — זיי ליידן, די קינדער און זאָגן עס איר ניט אויס...

מירקע האָט געגלעט זיין פּנים און געריידט צו אים מיט די ווערטער פונעם נביא:

...„ואראך מתבוססת בדמיך, ואומר לך: בדמיך חיי! בדמיך חיי!"

— דאָס איז מירקע, — האָט ער געטראַכט — תמיד גרייט צו טרייסטן... — און ס'איז אים געווען אַ שאָד, וואָס ער האָט אויסגעלאָשן איר פרייד.

— זיי מוחל! — האָט ער געזאָגט — דאָס ווירקט אַזוי מסתמא די תמוז־דיקע זון: מאַכט ווייבעריש, צעקראַכן... נאָר אָט איז עס פאַ־ביי...

— משעפע ניט מיט קיין ווייבער! — האָט זי אים געוואָרנט — איך קער זיך אויך עפעס אָן מיט זיי...

— אָבער ניט מיט די צעקראָכענע! — האָט ער געלאַכט, צוציענדיק איר צו זיך.

— האָסט אַ נס — האָט זי זיך געוויצלט — אַז ניט, וואָלסטו איצט פאַרזוכט אַ וואַלגער־האָלץ — ביי „צעקראָכענע" מאַכט זיך אַמאָל... יאָ — האָט זי זיך דערמאָנט — פון מאָרגן איבער אַכט טאָג קומט גרשון צוריק.

— כ'וויס.

א קוים באמערקבאר וואָלקנדל האט פארשאָטנט זיין פנים.

— פרייסט זיך גאָרניט? ביסט א ניט־פארגינער... — האט זי געמיינט.

— מירקע... — האט ער שטיל געזאגט און זיין קול האט גע־קלונגען, ווי א טענה. — פארוואס געוועלטיקט אזוי טראגיש די צופע־ליקייט אין מיין לעבן? פארוואָס האב איך דיך באגעגנט — צו שפעט?...

ער איז ווידער געווען א קינד, א פארלוירנס אויף פרעמדע וועגן און זיין ווייטיק, אן אנדערער, ווי פריער, האט ווידעראמאָל געזוכט באַ־שייד אין איר וועזן.

מירקען איז געווארן פיינלעך פון זיין אומגעריכטער טענה — ניט געוווסט, וואס צו זאגן...

א צופרידענע, וואס זי האט אין עפעס צו פארטשעפען איר שווייגן:

— מאַפּאַסאַן?!... — האט זי אויסגערופן, אפערגעמענדיק דאס בוך, וואס האט זיך פארוואלגערט הינטער איר רוקן.

— מאַפּאַסאַן. — האט ער באשטעטיקט, — ניט געשטימט גע־ווען איצטער אים צו לייענען, נאָר כ'האב ניט עפעס אנדערש.

— ער איז זינדיק... — האט ער צוגעגעבן נאָך א ווײַלע שווייגן.

— כמעט — איז זי מסכים געווען — נאָר פאראן אויך ביי אים א פּאָר דערציילונגען, ווו די העלדן זיינען דווקא אסקעטן...

— און באַדויערן דאס שפעטער... — האט ער באמערקט.

— מיינסטו?...

— אָהאָ!... — אזא זאך מוז מען אמאָל באַדויערן.

— ביסט אליין זינדיק!... — האט זי אים צוגעוואָרפן.

— אויף דעם וועט מיר, דוכט זיך, קיינמאל ניט אויסקומען צו האבן חרטה... — האט ער געזאָגט און, אריבערשפרייזנדיק מירקען, איז ער אויפגעשטאנען פון דער סאָפע.

אהין און צוריק האבן זיינע טריט געמאָסטן איצט דאס צימער. די לאנגע אָרעמס פארפלאָכטן אויף הינטן, האט ער אויסגעזען צו זיין פארטאָן אין טראכטן.

פון הינטער די האלב־פארמאכטע אויגן־דעקלעך האט מירקע נאָכגעפארשט זיין רעגלמעסיק שפרייזן:

מאָדנע איז ער היינט, דוד... — האָט זי אָפּגעמאַכט ביי זיך און ניט געוווּסט, וואָס צו מיינען. נאָר אַנעגדיק, אַז זיינע רעיונות זיינען ניט פון די פריילעכע, האָט זי געפּרוּווט פאַרלויפן זיי דעם וועג:

— ווייסטו? — האָט זי געזאָגט, בלעטערנדיק דאָס בוך, — פאַראַן איין דערציילונג ביי דעם „בעל־עבירה'ניק" — אגב, ניט פון די „זינדיקע"... אַז מירן שוין ביידע זיין אַלטינקע, גרויע, וועל איך זי דיר איבערלייענען און אויסגעבן דעם סוד, אַז מיר איז עס פונקט אַזוי געגאַנגען...

— וועלכע מיינסטו? — האָט ער אָפּגעשטעלט זיין שפּאַנען, אַנקוקנדיק איר אַ ווײַלע.

— געזאָגט, מיר וועלן זיין אַלט, וועסטו דאָס וויסן...

— זאָג איצטער... — האָט ער געבעטן, אַראָפּלאָזנדיק זיך אויפן טעפּיך ביי דער סאָפע, און, אַרונטעררוקנדיק איין האַנט הינטער איר האַלדז, מיט דער אַנדערער אַרומגענומען מירקעס קניען, ווי ס'וואָלט אים פּלוצלונג באַפאַלן אַ פאַרלאַנג אויפצוהויבן איר און אוועקטראָגן פון דאַנען.

— דוד?.. — האָט זי געפרעגט, איבערגעשראָקן פון זיין צערטלעכקייט, וואָס איז געווען אינגאַנצן אַנדערש, ווי שטענדיק.

— איז דאָס... „זינדיק?"... — האָט זי אַ טראַכט געטאָן און האָט ברוין אויף אירע באַקן איז עטוואָס בלייך געוואָרן.

נאָר ער האָט אוועקגענומען די הענט פון איר גוף, אָנגעלענט אויף זיי די גאָמבע און איינגראָבנדיק די עלנבויגנס אין דער ווייכקייט פון קאַנאַפּע, האָט ער זיך איינגעקוקט אין מירקען, ווי ער וואָלט וועלן דורכדרינגען איר מיט זיין בליק.

— מיינסטו ניט?... — האָט ער אָנגערופן דעם נאָמען פון אַ דערציילונג. דאָס שוואַרצאַפּל פון זיין אויג איז געוואָרן גרעסער, דער בליק איז געווען לויטער ליכט — ווי עמיץ וואָלט פּלוצים אָנגעצונדן אין אים אַ בלויען פלאַם: דער פלאַם ברענט אינעווייניק אין אים, און די גרויע אויגן ־ שייבלעך אַנטפּלעקן זיין שיין... די הענט, וואָס האָבן אונטערגעשפּאַרט דאָס פּנים, האָט געטרייסלט אַ דראָבנער ציטער און ער האָט עס ניט געקענט באַהאַלטן...

זי האָט געהערט זיין פאַרענדערט קול, טיף און דומפּיק, ווי פון אַ הייל, און אויף איינמאָל האָט זי געוווּסט, אַז דער היינטיקער טאָג פאַרגייט ביי זיי אַנדערש פון אַלע טעג אינעם לעצטן יאָר...

— ניין, — האט זי זיך באמיט צו שמייכלען — וואָס פעלט דיר גאָר איין?...

— צו וואס לייקענען... — האט ער ערנסט געזאגט, ווי א ריכ־טער, ניט אראָפּנעמענדיק פון איר דעם בליק — או סיווי איז עס קלאָר...

איצט האט מירקע געשוויגן: זי איז געווען דערשראָקן און עפּעס, ווי פארשעמט...

און מיטאמאָל:

— דוד!... — האט זי האסטיק אויסגערופן, אומפאסנדיק מיט איר האנט דאס געלענק פון זייגער — דו שרעקסט מיך; וואָס איז עס היינט מיט דיר?...

— גאָרניט, — האט ער צווישן געטאָן. — כ'בין גליקלעך...

זי איז געווען נאָענט צום וויינען.

— מירקע... — האט ער געזאָגט און האט געקושט איר מויל.

איצט איז ער געלעגן נעבן איר אויף דער סאָפע. ער האט צע־עפנט ביי איר ס'קליידל אונטערן האלדז און באריהרט די רייפע נאקעטקייט פון איר לייב, ווי ער האט עס ניט געטאָן אין זיין געוואגסטן טרוים. מיט זיין גאנצן וועזן וואו האט ער אויסגעפילט איר מיידליש־קערנדיקע און מוטערלעך־ווארעמע ברוסט און א גרויסע פרייד האט אויף אים אראָפּ־גענידערט...

— איצט וויים איך אלץ... — האט ער געזאגט, און נאָכאמאָל געקושט איר מויל.

— אָדער... גאָרניט, — האט זיך איר מיטאמאָל געוואלט בא־צווייפלען — קענסט דאָך ניט וויסן מער פון מיר... איבעריקנס — סיי־ווי־סיי איז עס ניט אמת, וואָס כ'האב געזאגט; כ'מיין וועגן דער דער־ציילונג, וואס זאל זיין ענלעך צו מיר...

ער האט איר פארשטעלט דאס מויל.

— האָסט מורא?... — האט ער געפרעגט.

— ניט פאר דיר... — איז זי געווען איבעריכטיק, אויף איר שטייגער.

— ?...

— פאר זיך... — האט זי געזאָגט גאנץ שטיל, ארומנעמענדיק זיין אקסל.

דורכן אָפענעם, נידריק איינגעפאסטן פענצטער האבן אריינגע־

דרונגען גאָרטנדיקע, פרי=זומערדיקע ריחות און פארבן. נאָר דער ריח און קאָליר פון זיינע צערטלעכקייטן איז געווען אומפארגלייכלעך...

מיט דעם ביסל ניכטערקייט, פארקאַפּעט אויפן דנאָ פון איר שכרות, האט זי געטראכט וועגן גרשונען, וועגן זיינע צערטלעכקייטן, גיכע און אביסל ווילדלעכע, — ווי ער זאָל צווייפלען, אויב איין לעבן, וואס א מענטש האט אין זיין רשות, זאָל קענען סטייען אויף אויסצושעפּן דעם קוואַל פון זיסקייט און ביטערניש, וואס שלומערט אין דער פארהוילנקייט פון א פרויען=וועזן...

מיט א קלאַפּנדיק האַרץ, מיט געררויש אין יעדן קעמערל פון בלוט, האט זי ארייננענומען אין זיך דוד'ס לאַסקע, וואס איז געווען לייכט און שפּילעוודיק — הוילע רוחניות, ווי דער פרילינג=ווינט אין שטיפערישן געלאָף דורך שפּראָצנדיקן פעלד...

מיט די שפּיצן פון זיינע לאנגע, דינע פינגער האט ער געפירט איבער איר פנים, איבערן האַלדז און די דאזיקע ניט דרייסטע, צוריקגעהאלטענע צערטלעכקייט האט פארבאָרגן אין זיך א ים מיט גליק, געמאכט וויברירן די דינסטע סטרונעס פון איר האַרץ, אויפגעלייזט אין איר א שלל שעמעוודיקע פרייד און אויפגערודערט דאס טיפסטע לייבאון=לעבן, ווי ס'געשעט אמאָל בעת דער אינטימסטער באהעפטונג מיט א געליבטן מענטש...

ער האט זיך איינגעשמעקט אין אירע האָר, לאנגזאם, ניט געאיילט געזאָפן די באַרירונג פון איר הויט, די חנעוודיקע פרישקייט פון איר כמעט מיידל'שן גוף — באַזאַכט, טראָפּן נאָך טראָפּן, ווי מ'געניסט א מין זעלטענעם וויין און ס'איז א שאָד אים אויסצוטרינקען פאראמאָל...

מירקען איז געווען גוט פון זיין שטילער לאַסקע, ווי קיינמאָל ניט ביז איצט... דער ווייסער פאַלאַץ פון זיינע פארלאנגען איז געשטאנען פאר איר אָפן, נאָר זי האט ניט געוואָלט אין אים ארייגגיין: די געצוימטע, מילדע צערטלעכקייט האט אזוי באַרוישט איר געמיט, אז דאס האט איר אויסגעוויזן צו זיין גראָד אַזויפיל, וויפל א מענטשלעך האַרץ איז אומשטאנד צו פארטראָגן...

— דוד... — האט איר שטימע ארויסגעמאכט זיך פונעם שלייער, וואָס האט כוואַליענדיק געהילט איר וועזן.

— וואָס, איינציקע?... — האט ער צוריקגעאָטעמט מיט זיין מויל נעבן אירן.

— כ'בין א מאמע — האט זי געזאגט און, באפרייענדיק זיך פון זיין ארעם, אדורכגעקלעטערט זיין גוף. — כ'מוז א קוק טאָן צום קינד...

זי האט געשיינט צו זיין רואיק. בלויז די צעפלאָמטע באַקן, דער מילדער, גאָלדיקער שיין אין איר בליק און דער צעפּאַטלטער זייד־פלאָנטער ארום קאָפּ האבן עדות געזאָגט וועגן דעם, אז ס'איז אָקאָרשט אדורך דורך איר א געוויטער...

שווייגנדיק איז ער געגאנגען נעבן איר אינעם גאָרטן.

— ביסט א לאָבוז... — האט זי געשמייכלט, פאריכטנדיק די האָר אינעם גאַנג.

— און דו ביסט רואיק, מירקע... איז אים געווען א חדוש.

— ניט אזוי זייער, ווי דיר דוכט זיך... — און אָננעמענדיק זיין האנט, האט זי איר צוגעלייגט צו איר האַרץ: ס'האט געקלאפּט משונה־ווילד, ניט רעגלמעסיק און אייפריק, — ווי א טייכל, וואס שלענגלט זיך אין א בארגיקער געגנט, היפּקענדיק איבער שטאָק־און־שטיין און ציקצאַקיקע געלאפן, גלייך, ס'זאָל פאר אים אוממעגלעך זיין, ניט צו צעשפּארן דעם ענגן צאַם פונעם ברעג־מולטער און משוגע פון פרייד א פלייץ טאָן מיט באפרייטן פלוס איף גאטס שיינע, גרענעצלאזע וועלטן...

— ביסט א רעטעניש, מירקע! דו ברענסט. נאָר מיטאמאָל — האָקוס־פּאָקוס: פליסטערסט אריין אין זיך א מין געהיימניספולן שפּרוך און אלץ איז אוים... דאס איז ניט לייכט. וויאזוי מאַכסטו דאס?...

זי האט געשמייכלט.

— אזוי!... האט זי געזאָגט, דעם בליק פארגראָבן אינעם שלאָפנדיקן זון. אין איר קול האט נאך געשפּילט דער אָפּקלאנג פון א שיין ליד, וואס זיי האבן אָקאָרשט ניט דערזונגען...

* * *

מירקע איז געשלאפן. אינעם אופן, וויאזוי זי האט כמעט איבערגעקווערט די ברייטע סאָפע, מיט די פיס אראָפּגעהאנגען אויפן דיל, איז געווען די רירנדיקע נאכלעסיקייט פון א קליין נפש'ל, וואס, איבערמידעט פון א טאָג שפּילערייען און קינדישע דאגות, איז עס, ניט

צו ווּיסן, וויאַזוי און ווען, אומגעריכט אַריינגעפֿאַלן אין דער גענעץ פֿון שלאָף.

אויף אַ שטול, דערנעבן, הוידען זיך די קליינע שטיקלעך אָנטועכץ, פֿון וועלכע זי האָט נאָך באַוויזן צו אַנטקליידן דאָס גופֿל פֿון איר זון צום שלאָפֿן-גיין, איידער זי איז אַליין איבערגעוועלטיקט געוואָרן פֿון דער מאַכט, וואָס האָט אַזוי ווערלאָז צעוואָרפֿן איר געמיט אינדערקווער פֿון דער קאַנאַפּע.

די ערשטע שטראַלן פֿון דער אונטערגייענדיקער זון האָבן געהילט איר פּנים אין אַ צאַרטן פֿלאַם און זיי זײַנען עס אפֿשר געווען, וואָס האָבן שאַרפֿער פֿאַרקריצט אין איר די קאָנטורן פֿונעם חלום, בולטער געמאַכט זײַן עמפּפֿירונג אינעם קלענסטן געביינדל פֿון מירקעס שלומערנדיקן לײַב-און-לעבן...

דוד'ס ליפּן האָבן אין חלום געגלעט איר מויל, זײַנע פֿינגערשפּיצן האָבן געשפּילט ביי איר אויף דער ברוסט און דער זעלטענער טעם פֿון דער לאַסקע איז געווען דער זעלבער, ווי אויפֿן וואָר...

דאָס איז געווען יענער מערקווירדיקער צושטאַנד, בעת מ'וויים, אַז ס'איז אַ טרוים און מ'ווינטשט זיך פֿונדעסטוועגן אויסצוטרינקען די גאַנצע זיסע ביטערניש פֿון דער ניט-געשטויגענער עמפּפֿינדונג...

און אַזוי, אײַנגעשלייערט אין ראָזלעכן זון-פֿאַרגאַנג, וואָס האָט זיך פֿאַרוועבט אין איר שמייכל, האָט דוד איר געטראָפֿן, אַהיימקומענדיק, אַ צעיאָכמעטער, פֿון דער אַרבעט.

— חלום'ט עפּעס זייער גוטעס... — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, געוואָלט אויפֿוועקליינן איר באַקוועמער, נאָר אויפֿגעגעבן דעם געדאַנק, ניט געטרויט זיך, טאָמער וועקט זי זיך איבער.

— אָנגעהאָרעוועט זיך מיט די קונדסים אין שולע, איצט שלאָפֿט עס... — ער האָט אויפֿגעלאַכט, ווי מ'לאַכט אויף ביים אָנבליק פֿון אַ קינד.

אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די מאַרינאַרקע און אָנגעטאָן די שטעקשיך, איז ער אַוועק אין קיך זיך וואַשן. דערנאָך, אַן אָפּגעפֿרישטער פֿונעם קאַלטן וואַסער, געכאַפּט אַ בליק אין דעם צימער, ווו דער קליינער אָטעמט שטיל אין זײַן בעטל, און אַריין צוריק צו מירקען.

זי איז נאָך אַלץ געשלאָפֿן. שטיל, ניט אויפֿצוּוועקן מירקען, האָט דוד צוגערוקט אַ שטול צו דער קאַנאַפּע און אַוועקגעזעצט זיך היטן איר שלאָפֿנדיקע מידקייט.

רוּאיק האָט זיך געוועלבט דער שטערן, פאַרכליגעט אין די ווינקלען פוּן אַ קרייזן־כוואַליע, וואָס האָט זיך אָקאָרשט אַרויסגעריסן פוּנעם גאָלדיק־שוימענדיקן האָר־געפלאָכטער. דער שאָטנדיקער אָאָזיס, וואָס האָט זיך צוגעזעצט אוּנטער די ווייעס, אויף איר באַק, צווינקנ־דיק שטיפעריש אין דער מילדער ראָם פוּן איר פּנים, האָט געוועקט אין אים אַ קוים באַזיגבאַרן חשק צוצופאַלן צוּ דעם פאַרלאָקנדיקן קוואַל און טרינקען אים, טרינקען ביז צוּ קאָפּ־שווינדלדיקער שכרות, ביז צום פאַרזינקען אין אַ כשוּפ׳דיקן געפּל, וואָס מאַכט מעגלעך דאָס אוּממעגלעכע, פאַרווישט די גרענעצן צווישן לעבן און טויט... נאָר דאָס מויל, וואָס האָט, ווי אַ רייפנדיקע פּרוכט, געצוקט אין שמייכל פוּן עפּעס זייער אייגנס, האָט געצוימט זיין פאַרלאַנג.

— וואָס זעט זי אין איר טרוים? וועמען געהער דער שמייכל, וואָס שפּילט אַזוי באַנג מיט אַ לעצטן שטראַל פוּן פאַרגייענדיקן טאָג? צוּ וועמען ציט זיך איר צוּקנדיק מויל?... — האָט דוד ניט געוווּסט, וווּ צוּ זוּכן באַשייד.

— גרשונען רופט זי מסתּמא אינעם שלאָף... נאָר אים קען גע־הערן דער שמייכל, וואָס פאַרבאָרגט אַזויפיל צוזאָג אין די לייכט אויפ־געהויבענע ווינקלען פוּנעם מויל... — האָט ער געמיינט און ס׳איז אים געוואָרן טרויעריק.

זיין האַרץ אַריינגעטאָן אין מירקעם שלאָף, האָט ער זיך פּלוצ־לוּנג דערמאָנט יענעם בריוו, וואָס זי האָט אים איבערגעשיקט פוּן מינכען — אַהין, אין יענער זייט גרענעץ, נאָך זייער צוּריקגעפינען זיך, אין דער פינצטערער נאַכט פוּן הארבסטיקן וואַלד, אויף אַ פרעמדן וועג:

„...מיינע האָר זיינען אינגאַנצן זילבער — האָט זי געשריבן — און פוּן די קנייטשן אויף מיין פּנים, פּרוּוו ניט דערגיין מיינע 32 יאָר, וואָס האָבן, אַ חוּץ דער ליבע צוּ גרשונען, קאַרג גוּטעם געלעבט אויף דער וועלט"...

גאָט! צי וואָלט ער, דוד, ניט געליבט איר אויך דאַן, ווען די זילבער־האָר און קנייטשן אויף איר פּנים וואָלטן געווען אמת?...

און אויטאָ האָט זיך פּלוצלוּנג אָפּגעשטעלט ביי אַ דערנעבנדיק טויער און דאָס איינגעשפּאַרטע רוישן פוּן מאָטאָר האָט אויפגעוועקט מירקען פוּן שלאָף; זי איז אויפגעשפּרוּנגען פוּן דער קאַנאַפּע און,

אנטשולדיקנדיק זיך פאר איר דרעמל, האט זי זיך גענומען פאָרען ביים אָוונט־ברויט.

די „איירא"־שפייזן, געמישט מיט „דזשאָינט", געווירצט פון זיי־ער ביידנס געזונטע אפעטיטן, זיינען גיך פארצוקט געווארן אונטער זיי־ערע שארפע ציין...

דערנאָך האבן זיי גענומען א קאָץ צום אונטערלייגן אויפן פאר־נאכטיק־פייכטן גראָז און זיינען ארוים אין גאָרטן, כאפנדיק פריער א בליק צום קינד.

— לאנג וועל איך ניט קענען בלייבן מיט דיר, — האט זי זיך באוואָרנט — כ'מוז שרייבן.

— ווי האלט עס מיט דיין בוך? — האט ער געפרעגט, מיט דער פרייער האנט ארומנעמענדיק איר טאַליע.

— קוואטש!... האט מירקע אומגערן געזאָגט, ווי ס'וואָלט איר געווען פיינלעך וועגן דעם צו ריידן — ס'קומט בכלל גאָרניט ארוים...

— פארוואָס? — איז ער געווען פארזאָרגט.

— שולדיק איז דער זומער, מיין ארבעט אין שול — האט זי אויסגעטייטשט, פארשפרייטנדיק די דעקע אויפן גראָז — די דייטשע געמיטלעכקייט אין דעם הויז, וואס מאכט פויל נאך די אלע וואָגלע־נישן, — און האס, וואס מיר זיינען נאך אלץ ניט אויף אן אָרט... נאָר די וויכטיקסטע סבה איז מסתמא דאס, וואס כ'האב טראַמשינעס אין קאָפּ...

— כ'מיין ניט אזוי! — האט דוד דערווידערט, ארייננעמענדיק איר פנים אין געוועלב פון זיין דלאָניע — דארפסט זיך בלויז נעמען אין די הענט — דו מוזט!

— גוט, — האט זי געשמייכלט פארלעגן אונטער זיין בא־צווינגנדיקן בליק — כ'וועל זיך נעמען...

ס'האט געדעמערט. דער בין־השמשות האט געטוליעט זייערע גופים צואנאנדער, איינהילנדיק זיי אין צארטער גרויקייט. דער קארשן־בוים האט מיד געראַוישט, אראָפּנידערנדיק צו זיי די פרוכט־באהאָנ־גענע צווייגן, ווי ס'וואָלט אים שווער געווען, אין הייסן אָוונט צו טראָגן אזא לאסט, און אויבן, אין די צווייגן, האט א פויגל פארצויגן דין א ניגון.

דוד האט זיך אונטערגעהויבן, אָפּגעפליקט א הויפן קארשן, וואס האבן נידעריק איבער אים געהוידעט די זאפטיקייט איינעם רונד־גע־

טאַקטן גוף און דערלאַנגט מירקען אַ פּאַר. זיי האָבן אַריינגעזויגן אין זיך די זיסקייט פון דער קליינער פרוכט, פאַרטזשעטשעריק דערביי זייערע פּלויידערייען...

— וואָס האָסטו פריער געטרוימט? — האָט דוד געוואָלט וויסן.

— ס'האָט זיך מיר גע'חלומ'ט... — האָט זי געצויגן מיט אַ פאַרבענקט קול און אירע אויגן האָבן אינעם האַלב־טונקל אויפגעלויכטן גרין, — אַז עמיץ קושט מיך: אַזוי גוט, אַזוי זיס... — האָט זי געענדיקט, פאַרשליסנדיק דעם בליק.

— אַזוי?... — האָט ער געפרעגט, באַהעפטנדיק זיך מיט איר מויל.

— אַזוי... — האָט זי באַשטעטיקט, צעטומלט פונעם אומגעריכטן, וואָס האָט ווידער געלייגט אירע גלידער, אַרויסרופנדיק גלייכצייטיק אַ זעלטענע עמפּפינדלעכקייט אינעם קלענסטן געביין.

— און ווער האָט דיך געקושט?... — האָט ער ווידער געוואָלט דערגיין.

— דאָס קען איך דיר ניט זאָגן... — האָט זי אויפגעציטערט אונטער זיין האַנט.

— דו מוזט ניט — סיי־ווי־סיי ווייס איך, אַז גרשון איז עס געווען...

— משוגעק!... — האָט זי געלאַכט — זאָגסט דאָך אַליין, דער חלום אַנטפּלעקט פאַר אונדז דאָס אויסערגעוויינלעכע, דאָס אוממעגלעכע..

— אָדער... די איבער'חזר'ונג פונעם דורכגעלעבטן אויפן וואָר אין דאָס איז ווידער — גרשון... האָט ער געמיינט.

— עך, אַ משוגעק ביסטו, שטענדיק דער זעלבער משוגעק!... — האָט זי געפּלאַטערט, קילנדיק דאָס הייסע פּנים אויף זיין ברוסט.

— — — — גרשון?... און אפשר גאָרניט גרשון?... אָ, ווען ער זאָל וויסן, דוד, ווע מען זי האָט געקושט אין טרוים?...

נאָר מירקע איז אַוועק אין שטוב און ער האָט ניט געקענט מער פרעגן.

זי האָט געמאַכט ליכטיק, געוואָלט זיך זעצן שרייבן און ניט געקענט.

אַ ווייַלע האָט זי אַרומגעהאַוועט אין צימער, אַרום דעם קינדערבעטל, דערנאָך געזופּט ביר, האַסטיק, מיט איין שלוק, גלייך, זי וואָלט

וועלן לעשן אין זיך א העלישן פלאַם און אַרוים צו דוד'ן, מיטנעמענדיק מיט זיך א פולע פלאַש.

— ווילסט אפשר טרינקען?... — האָט זי געפרעגט.

— ער האָט אַרויסגענומען פון איר האַנט די פלאַש, אוועק־שטעלנדיק איר אין א זייט.

— כ'וויל ניט טרינקען — האָט ער געזאָגט, אַרומנעמענדיק מירקען און צודריקנדיק איר האַסטיק צו זיך — כ'וויל — דיך... כ'וויל טרינקען דיין ווייַן... אָט אַזוי, אָ אָ אָ... — האָט ער געברומט, זיך איינ־זויגנדיק אין איר האַלדז.

— ניין, — האָט זי געזאָגט גאַנץ שטיל, טוליענדיק זיך פעסטער צו זיין אַקסל.

— ניין?...

— ניין... — האָט זי איבערגעחזר'ט נאָך שטילער און געפילט, ווי יעדעס קעמערל אין איר לייב רופט צו אים, ער זאָל געהאָרכן דאָס, וואָס דערנענטערט זיי און ניט, וואָס ס'צעשיידט...

— פאַרוואָס?... — האָט ער געפרעגט, אָפּרוקנדיק איר עטוואָס פון זיך, נאָר ניט אָפּלאָזנדיק איר שמאָלן אַקסל.

— א ווײַלע בלייב נאָר רויִק, — האָט זי זיך געבעטן — אפשר וועל איך דיר קענען זאָגן אַלץ...

איר קול איז געוואָרן האַסטיקער, הייסער, ווי ס'וואָלט פּלוצים ענג געוואָרן דעם אָטעם־צוג אין איר ברוסט. מיט שרעק האָט זי פאַר־נומען דאָס הוילע געברום פון שטייגערנדיקן געוויטער, וואָס האָט איצט געבושעוועט אין איר געמיט, געפרווט עס איינגעמען מיט רייד און ניט געקענט.

— ערשטנס, לויפן אונדזערע פאַרלאַנגען ניט פאַראַלעל צוזאַמ־דער, — האָט זי געזאָגט — דו ווילסט א פרוי: ווייל ביסט אַליין, אפשר, ווייל אַזעלכע געזעצן געוועלטיקן איבער אונדז, — ווייס איך, פאַרוואָס אַלץ נאָך?... אַלנפאַלס ווילסטו א פ ר ו י — און איך וויל נאָר ד י ך ...

— מירקע!... — האָט עס אַרויסגעשריגן פון אים אין דער אומ־געריכטער אַנטפּלעקונג.

— רייס מיר ניט איבער, טייערער... — האָט זי זיך געבעטן, ציענדיק ווייטער דעם פאָדעם פון רייד. — צווייטנס, — איז עס דען ניט ווייטיקלעך גוט, צו פילן דעם כּוס נאָענט ־ נאָענט ביי די ליפּן, וויסן,

אַז ער געהער אונדז, אַז נאָר פון אונדז בײדן איז דאָס אָפּהענגיק: טרינקען, אָדער ניט... און האַך — זיך אָפּזאָגן, אויס אײגענעם ווילן, אַלײן.. איז עס ניט אַ גרויסע געניגטואונג, ליגט דען ניט אַ גוואַלטיקער צויבער אין אַזאַ קראַפט — זיך אָפּצוזאָגן פון אַ זאַטער רגע פאַרן ווײל פון „אײביקײטן”, וואָס שפּראָצן און גרינגען, בליען און רײפן מיט פאַרלאַנג?... וואָס בלײבט דען איבעריק פון אַ שײנער רגע נאָכדעם, ווי דער כּוס איז אויסגעלערט ביזן דנאָ?... אָט שטײט ער פאַר אונדז, דער כּוס, פאַרפולט ביז צום ראַנד, כוואַליענדיק אין זיך דעם ווײן, וואָס איז אונדזער: אָנבויגנדיק זיך איבער אים, קענען מיר אַרײנאָטעמען אין זיך דעם זעלטענעם ריח פונעם געטראַנק, אָנקוועלן פון זײן לויטערער דורכזיכטיקייט, באַנעצן מיט אים די ליפּן, געניסנדיק זײן זיס-טערפּקן טעם... און מיר קענען אויך — אויסזשליאָקען דעם ווײן פּאַראַמאָל... צי קענסטו דאָס נעמען אויף זיך?... מיך שרעקט עס, דוד: דער ערשטער אויגנבליק, פּנים אל פּנים מיטן אויפגײענדיקן טאָג, ווען דער כּוס, אַז אויסגעטריקנטער, אפשר געשאַרבנט, וועט זיך וואַלגערן אין שטויב...

— אַזוי שטעלסטו זיך עס פאָר? דאָס איז דאָך אומזין, מירקע!... אַזוי מײנט אַ קמצן...

מירקע האָט געשוויגן.

ער האָט אַ פיר געטאָן מיט די פינגער איבער אירע אויגן: זײ זײנען געווען נאַס — די נאַסקײט האָט זיך געצויגן אַראָפּצו; און אים איז נאָר אײנס איבעריק געבליבן: קושן אירע אויגן און באַקן, אויסטריקענענדיק דעם פײכטן שפּור.

נאָר זי האָט זיך ווידער אַרויסגעמאַכט פון זײנע הענט, ווי זי וואָלט געזוכט אַנטרינונג אין די פיר ווענט פונעם צימער, וווּ די נאַכט שיפּט אַרײן דעם חלום אין איר קינדס פינפטן לעבנס-יאָר...

אַרויסגעבויגן אינדרויסן, אין אַן אַנדערער זײט פון גאָרטן, איז זי געזעסן בײם אָפענעם פענצטער און די נאַכט האָט אײנגעזאַפּט אין זיך אירע טרערן...

דערנאָך האָט זי פאַרלאָזט דאָס אָרט; ווי אַ לונאַטיקערין, איז זי צוגעגאַנגען צום טיש, אַרויסגענומען פון שופלאָד דעם העפט, וווּ ס'איז אין די אומפּינקטלעך געצײכנטע שורות אויפגעגאַנגען אַ לעבן — דאָס לעבן פון איר בוך...

און אין דעם אויפגייענדיקן לעבן האט מירקע אריינגעאָטעמט אזעלכע מיני ווערטער:

„...זי איז געשטאנען, א בוימעלע אויף אומבאקאנטע וועגן און ניט צעעפנט פאר אים דאס בליען. ס'איז איר יוגנט, ווי א טייכעלע, געפלאָסן וויט פון זיינער, פאזע זיינער און קיינמאָל זיך ניט אין איר אריינגעגאָסן... און אזוי ווייס ער ניט אפילו, וואָס פארא טעם זי האט געהאט, איר יוגנט: אפשר זיס און ביטער?... צי גאָר זויער — פון וואנען זאל ער וויסן?...“

נאָר מיטאמאָל האט זי גאָר איבערגעריסן דאס שרייבן.

אפשר? — איז עס געקומען אויף איר פּלוצים, ווי אן אנט־פּלעקונג — אפשר איז דער מיזאַם אויסגעבויטער טורעם פון דער ווייַן־כּוס־אידיי ניט מער, ווי א קאָרטן־שטיבל, וואס איז עלול צו צע־פאלן ביים ערשטן הייסערן לעבנס־הויך?... אפשר איז עס נאָר א „פּיקס־אידיי“ אויף צו פארשטעלן דאס וועזנטלעכע, וואס לעבט אין אונדז זייט דורות — די מורא פאר דעם, וואס אונדזערע מאַמעס האבן פארזיגלט מיטן נאָמען: זינד?...

און, ניט צו וויסן אייגנטלעך געגוי, וואָס זי טוט, הגם איך ניט אינגאנצן אָן רעכנשאפט, ווי אין צושטאנד פון א מין וואַנזיניקן פיבער, איז זי ווידער געלאָפן אין גאָרטן...

* * *

די לבנה האט אויף זילבערנעם שטראַל געשיפט זיין הארץ אינמיטן פון א ברויזנדיקן ים, פּראַווענדיק אויף הימל און ערד איר כּשוף...

בלעטער האבן איינגעשטילט דאס רוישן, גראָזן האבן געשוויגן א גרין, זאַפטיק שווייגן און דער פויגל איז אנדרעמלט געוואָרן אין זיין נעסט...

דער גאָרטן איז געווען פארזונקען אין שלאָף.

נאָר דוד, אריינגעוואַקסן, ווי א געליימטער, אינעם ווייכן, גראָ־זיקן שוים, האט זיך ניט געקענט פאנאנדערקלייבן אין דעם אלעם: אינ־מיטן פון א שטילער, שלאָפנדיקער וועלט האט אויף א שווימענדיקער כוואַליע געהוידעט זיך זיין וואכעדיקייט און ער האט, אייגנטלעך, ניט גע־ווּסט אויף זיכער — איז עס נאכט ארום אים, אדער איז דאס נאָר זיין פארטונקלטער טאָג?...

ער טאָרף אריינגיין צו איר... — האט ער געמיינט און ניט גע־

קענט רירן זיך פון אָרט, ווי אריינגעוואַקסן מיט לייב-און-לעבן אי-נעם גראָז.

ער האט אינגאנצן פארלוירן די עמפּפינדונג פון צייט, ניט גע-ווּסט מער, ווי לאנג ער ליגט אזוי, מיטן בליק צוגעשמידט צו דער טיר, וווּ ס'איז פארשווּנדן זיין גליק...

נאָך מיטאמאָל האט א העלער ליכט-שטרייף א שימער געטאָן פאר זיין אויג און דורך די עטלעכע טרעפּ, וואָס האבן זיך געוועלבט ביים אריינגאנג אין הויז, האט געניִדערט צו אים מירקעס געשטאַלט.

צוריקגעווינענדיק מיטאמאל די קלאָסטשקייט פון די גלידער, די פעאיקייט זיי צו באוועגן לויט זיין ווילן, האט ער זיך א רים גע-טאָן פונעם אָרט און געלאָפן איר אנטקעגן. און איידער ער האט בא-וויזן ארומצונעמען איר שלאנקייט, געהילט אין דינעם קליידל, האט זי זיך אויסגעדרייט פלוצים אויף צוריק, לויפנדיק טרעפּ-ארויפצו...

נאָר, אז זי איז ווידער געווען ביים אריינגאנג, האט זי האַסטיק א ווענד געטאָן צו אים דאס פּנים און שטיל, ווי א הויך, האט א פלאַ-טער געטאָן איר קול:

— יאָג מיך נאָך — פארוואָס לאזטו מיך אנטלויפן?..........

צי זיינען דאס טרעפּ, אין שטיין געוועלבטע, אדער איז עס א לייטער, אויף וועלכן דוד שטייגט ארויפצו — צום הימל?...

מיט איין שפּרונג איז ער ביי מירקען — ווי א טייערע, צע-ברעכלעכע זאַך, טראגט ער איר באזאכט אינעם גאָרטן...

— — — שוועסטער — מירקע!... מאַמעלע — מירקע!... קינד, געליבטע, מיידל, פרוי!...

באגייסטערט יובלען אויפגעוואכטע פייגל און ס'גייט אן אָנזאָג פון די ביימער-וואָרצלען, טיף אין דר'ערד פארבארגענע, ביז די שפּיצן, פארוועבטע אין לבנה'דיקע נעצן — אז, אין ווייסן צווּיט גע-הילט, שמייכלט מילד די רגע, ווען ס'האט דער אור-מענטש אהער-געבראכט זיין חוה אויף סאַמעט-גרינעם גראָז-געלעגער...

אונטער גרינעם בלעטער-פּרוחת גלעט ער איר ברוסט, פילט אוים מיט די ליפּן די גלאנציק-גלאַטע הארטקייט פון איר פוס, טרינקט אומצייליקע קושן פון איר מוילס פרישן קוואַל...

קיינמאל ניט געאַנטע מעלאָדיעס פלאַטערן שטיל אין זייער דמיון. טויט און לעבן ליגן פארטאַיעט אין איין רגע...

דער פּאַלאַץ פון דערפילטע טרוימען עפנט פאַר זיי כשופ'דיקע לאַבירינטן. צי וועלן זיי אין אים אריינגיין?...

— — — ניין... — פּליסטערט מירקע, קוים וואס מען הערט.

— ניין?...

— ניין... — באַשטעטיקט זי נאָכאמאָל און איז איינגאַנצן גליק.

— — — ווידער שלאָפט דער גאָרטן זיין נאַכט־שלומער...

שטיל שעפּטשעט זיך דורך א גרעזל מיט א גרעזל:

— — — האָסט געהערט דעם פּלאַטער פון איר מויל: — „יאָג מיך נאָך, פאַרוואָס לאָזט מיך אַנטלויפן?"...

האָסט געזען, ווי ער קושט אירע פוס־טריט אינעם גראָז?..

צי איז עס געווען אויף דער וואָר?...

* * *

צוערשט פּלאַצט געוויינלעך די נאַכט, דערנאָך נעמט א בלוי־לעכע ראָזיקייט גלעטן דעם הימל־ראַנד אין מזרח... אַזוי איז עס יעדן פרימאָרגן און מירקע וואונדערט זיך בלויז, הלמאי ס'איז הייַנט ניט אַנ־דערש, הלמאי — ניט אַזוי, ווי ביי איר אין הארצן: שענער, גליקלע־כער, באַנגער?...

נאָכן בייגאַכטיקן רעגן, זעט אויס דער הימל ווי אויסגעצוואָגן, מיט ווייסע לענטעס פאַרפלאָכטן אין די צעפּ...

שטיל... פייגל טרינקען טראָפּנס טוי, פאַרבייסן מיט שטויבע־לעך זון און — טשיק־טשיריק! — שעפּן נחת פון דער זומערדיקער וועלט...

ס'שלאָפט נאָך די גאַס. הינטער ציכטיקע פאָרהאַנגען רוט די געמיטלעכקייט, וואס איז געווינט אויפצושטיין פּינקטלעך, צו דער מינוט.

גרעטכענס, אין פוכאָווע פערענעס פאַרזונקען דאָס אויסגעבאָ־ליעטע לייב, חלומען נאָך זייער פרעכן טרוים וועגן „אויסלענדער־לי־בע", וואס האט דעם גוטן ריח פון ציגאַרעטן און פאַרגייט מיט זייער רויך...

— גוט, וואָס דו פאַרסט וועגן דער העפלה... די נייטיקסטע אַר־בעט ער. — האט מירקע געזאָגט, אויפשליסנדיק די פורטקע פונעם גאָרטן און אַרויסלאָזנדיק דורן אויפן גאַס.

נאָך דוד האט ניט קיין חשק צו ריידן איצט וועגן דעם.

— ביסט ניט געשלאָפן... — איז ער באַזאָרגט — און באַלד

דארפסטו אָפּפירן דוד'לען אינעם קינדער־גאָרטן און אליין אוועק צו דער ארבעט... געזאָגט דיר, איינציקע, וועסט ניט שלאָפן א גאנצע נאכט, ווי ערב א וואונדערלעכער עסקאַפּאַדע, וואס מ'ווייס ניט, איינגיין אויף איר, אָדער ניט...

— דאס מאכט מיר גאָרניט אויס, דוד. מאָרגן וועל איך דערפאר שלאָפן געשמאַקער...

— און איצט... ווי וועט עס ענדלעך זיין מיט דער עסקאַפּאַדע?... — האט ער געפרעגט, דעם גוף געלעגט אויפן בעטאָנענעם צאַם און זיין קול האט אריינגעטריפט טרויער אין מירקען, וואָס איז געשטאַנען אויף דער אַנדערער זייט, אין גאָרטן.

— מיינעטוועגן... — האט זי געקוקט אויף אים מיט לויטערע אויגן, וואָס האבן ניט געהאט אין זיך דעם מינדסטן שפּור פון א שלאָפלאָזער נאכט — מיינעטוועגן, דארף גאָרניט זיין... דו פרעגסט: ווי וועט עס ע נ ד ל ע ך זיין?... און איך ליב דאָס א ו מ ע נ ד ל ע כ ע, פארשטייסט?... איבריקנס, פונקט ווי כ'האב ניט קיין צויבער־שפרוך און בין מ'זכטלאָז קעגן דער גוואלטיקער קראַפט, וואָס ווארפט מיך אלעמאָל איפסניי אין דיינע אָרעמס, אזוי געפין איך ניט קיין מעגלעכקייט צו ווערן זיך קעגן דעם, וואס צעשיידט אונדז יעדעס מאל... נאר — וועסטו ניט פארשפעטיקן דעם צוג? — איז זי פלוצלונג געווארן אומרואיק.

— כ'גיי באלד, — האט ער געזאגט — נאָר נאָך א פראגע, מירקע: וועט דאס שטענדיק זיין אזוי?...

— כ'ווייס ניט... — האט זי זיך איינגעקוקט אין דער ווייטקייט, ערגעץ איבער אים — איבערהויפט, וואס קענען מיר אַנען וועגן מאָרגנדיקן טאָג? ניטאָ קיין באשטענדיקעס, דוד! אפשר וועל איך מאָרגן אויפהערן צו זיין פאר דיר דאס, וואס כ'בין היינט? אפשר וועסטו מיך פארגעסן — אפשר איך דיך אויך?...

— מיינסטו, אז דאס איז מעגלעך?... — האט ער ארויפגעלייגט א האנט אויף איר אַקסל.

כ'ווייס ניט... — האט זי נאכאמאל געזאגט און אים דערלאנגט די האנט.

* * *

ליבסטע!...

אז איך האב דיך נעכטן פארלאזן, האט פינצטערניש געהויערט

אין מיין געמיט און פארטונקלט מיר די זון, דעם טאָג — אַלדאָס שיי־
נע און ליבלעכע, וואס האָוועט ארום אונדז אינעם זומערדיקן רוים
און איז געוויינלעך אומשטאנד צו דערפרייען אונדזער הארץ און דעם
בליק.

נאר היינט האב איך פלוצים אין געצווישטשער פון א פויגל פאר־
נומען דיין קול און א פריידיקער ציטער האט דורכגענומען מיין הארץ.
איך האב ווידער צעעפנט מיין נשמה פאר דעם ארום... אלץ איז געווען
פול מיט דיר: — — —

— — — א מאָן־בלום האט געפלאטערט אינמיטן פעלד און
אין איר איינזאמען פלאטער האב איך גזען דאס צוקן פון דיין קינ־
דיש מויל, ווען ביסט באַ׳עוול׳ט, אדער איבעראשט פון א מגעריכטן
גליק...

א בלאט פון א רויזן־קוסט האט פארבארגן אין זיך דעם גרינעם
שימער פון דיין אויג און דער הימל האט געשפרייט איבער מיר די
לויטערקייט פון דיין בליק...

שמעטערלינגן האָבן שפילעוודיק געשמאיעט אינדערלופטן, ווי
דער טונקל־גאָלדענער האָר־ברויז ארום דיין קאָפּ...

א בעריאָזקע האט דערמאנט די שלאנקע רונדקייט פון דיין גוף
און אויף א בלומען־פעבער האט שימערירט די זיידענע גלאטקייט פון
דיין הויט...

א וואסער־ליליע האָט אויסגעהיט אין איר בעכער דיין טרער
אין א טראָפּן טוי...

אינעם צארטן נעפל־בלוי, וואָס האָט געהילט דעם קארשן־גוף,
האט גערוט דער הויך פון דיין אָטעם און אין געמורמל פונעם עפּל־
צווייג האט באַנג געוואָלט דיין ליד...

א זילבער־כוואליע האט געוויגט דעם אָפּקלאנג פון דיינע דייד
און א ווייטן, פוילישן־דאָרפישן חלום, וואס האט ארייגעבלויט אין מיר
דיין ערשטן קוש...

דאס גראָז האט פארהוילן אין זיך דעם אָפּהילך פון דיינע באָר־
וועסע טריט און דער אָוונט־ווינט האט געבראכט צו טראגן דעם זעלט־
זאמען ריח פון דיין ליבע...

— — — ס׳איז שפעט־נאכט. מיין ארבעט איז אויף היינט געענ־
דיקט. פאר מיר ליגט אָפן ביאַליקס בוך:

„...און קום מיר א תיקון געבן

און קיניג אויף מיין לעבן"...

מירקע! כ'האב קיינמאל ניט באנומען ריכטיק דעם זין פונעם דאָ-זיקן שיר. היינט ווייס איך עס און פון דעם וויסן ווערט פול מיט בליי דאָס האַרץ...

„...און גיב מיר מיין גערויבטע יוגנט היינט צוריק"...

וואָס פאַראַ יוגנט איז עס געווען אָן דיר, מירקע? און וועל-כע אומגעלומפּערטקייטן האָבן פאַרטרונקען איר זין?...

„...און ברענג מיך אום — צוזאַמען מיט מיין גליק!"...

אָ, ווען דו זאָלסט דאָס קענען, מירקע! יעדער אומקום פון דיין האַנט, וואָלט געווען פאַר מיר א מין זאַנפטע צויבעריי...

ניין. כ'מוז אוועקלייגן דאָס בוך און ריידן מיט דיר אין דער שפּעטער שעה. זיין אויסשליסלעך מיט דיר, מיט דיר אַליין, ווי דע-מאָלט, אין די נס'פולע רגע'ס, ווען כ'האָב באַרירט דעם לאָגל פון דיין גוף, ניט טרינקענדיק דעם ווייַן...

...דו — הערלעכע פרוי...

עס ציטערט נאָך אין מיר דער זעלטזאַמער אָפּקלאַנג פון דיי-נע רייד, וואָס פאַרמאָגן אַזאַ געוואַלטיקע קראַפט צו באַרוישן מיין געמיט. איך בין פול פאַרערונג פאַר דיין אינטואיציע, וואָס מאַכט דיר מעגלעך אויסצופילן עפּעס, נאָך איידער האָסט עס דערפאַרן פונדער-נאָענט — און פאַר דיין מערקווירדיקן טאַלאַנט צו באַרירן מענטשלע-כע הערצער, ווי סטרונעס פון א זעלטענעם אינסטרומענט און מאַכן זיי אָפּהילכן מיט דעם דינסטן קלאַנג...

נאָר אין איין זאַך האָסטו א טעות געהאַט, קינד! אין דעם, וואָס דו מיינסט, אַז קענסט אַמאָל אויפהערן צו זיין פאַר מיר דאָס, וואָס ביסט היינט: דער קוואַל פון מיינע ליידן און גליק...

דאָס ווייס איך, כאָטש צוויי טעג זיינען ערשט פאַרביי, זייט כ'האָב דיך פאַרלאָזן. דאָס האָב איך אויסגעוויטיקט במשך די אַכט יאָר, וועלכע טיילן אונדז פון יענעם שיינעם זומער אין פּוילן, וואָס האָט צום ערשטן מאָל אַנטפּלעקט מיר דיין געשטאַלט ביים ראַנד פון טייך, — איינציקע דו...

קען מען אפשר, ניט אָטעמען דעם אייגענעם אָטעם-צוג, באַפעלן דעם אייגענעם בלוט, ניט צו ריזלען אין די אָדערן באָטש א רגע?...

— — — פון דער טיפעניש, ווו האָסט מיך, ניט ווילנדיק,

אריינגעשלייערט מיט מיין גליק, רוף איך צו דיר, זעלטזאמע: העלף...

ליבסטע! וואס זאל איך טאָן איצט מיט זיך, מיט מיין האַרץ?...
זיי דו דער שופט איבער אים, איבער מיר!...

ניין, וואָס רייד איך, איינציקע!... כ'בין וואַנזיניק — פאַרגיב מיר די שטרויכלונג, צו באַלאַסטן אַזוי דיין געמיט! — כ'ווייס, דיר איז אויך ניט לייכטער פון מיר... זיי ניט דער שופט איבער אונדזער גורל — דאס איז אַזוי שווער, ווי קען איך עס גאָר פאַרלאַנגען פון דיר? כ'מוז אליין פאַרטיק ווערן דערמיט... נאָר לאָז מיך ריידן צו דיר אין דער שפּעטער שעה, פאַרנעם מיין האַלב־משוגענע בענקשאַפט. אויך דאָס עמפּפינד איך, ווי אַ מין גליקזעליקייט — ווי אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו דיר...

איך ווייס: אויך דו ליגסט איצט וואַך אויף דיין געלעגער און, ווי תמיד, ווען ביסט אַליין אין דעם דייטשן הויז, באַטראַכסטו מיט שנאה די פאַרהאַמטע שטיקער געמיטלעכקייט, אַן איבערבלייבעכץ פון דעם באַקוועמען, רייכן לעבן, וואָס ס'האָט דאָ געפירט אַ בעסטיע פון עס־עס. דאָ, אין דער הינטערשטאָטישער ווילע האָט ער געלעבט מיט זיין „נעטע" פאַמיליע, דאָ האָט ער זיך פאַרצויגן מיטן ציגאַרעטן־רויך און מיט פלענער, וויאַזוי צו דערפירן אייראָפּע צו דעם „הויכן" מצב: „יודנפריי;" דאַ האָט ער, בעת דער מלחמה, געזעגנדעט דאָס אָנגערויבטע האָב און גוטס פון „אָסטען" — און דאָ, אין דער געביי־דע, וווּ אַלץ איז באַשפּריצט מיט יידיש בלוט, מוזן מיר איצט ווויי־נען, — ווי חיות, געפאַנגען אין אַ שטייג, וואָס די וועלט האָט „גנע־דיק" צוגעטיילט בלויז איינצלנע, דעם רוב פאַרשפּאַרנדיק אין די לאַגערן...

מיט וואַכע אויגן, וואָס ס'נעמט זיי ניט דער שלאָף, אַריינגע־טאָן אין זיך, ניט צו זען דאָס פאַרהאַסטע, וואָס רינגלט דיך אַרום, בלייבסטו ליגן אויף דיין געלעגער, אויסגעשעפּט פונעם מאַכטלאָזן כּעס, וואָס רייסט דיינע אינגעווייד און ציטערט אין דיר אַ ווילן צו כאַפּן דאָס שלאָפנדיקע קינד אויף די הענט און לויפן, לויפן — אַלץ איינס, וווּהין, אַבי ס'זאָל נעמען אַ סוף צו דעם לעבן מיט מערדער בשכנות...

דערנאָך טראַכסטו וועגן דעם ווינציקן גוטן און ליבן, וואָס איז דיר געבליבן: דוד'ל, גרשון, איך... איך אויך, מירקע, — דאָס ווייס איך...

נאָך שפּעטער טראַכסטו בלויז וועגן מיר — ביסט גליקלעך און

טרויעריק צוזאמען. און איך וועל צעריסן פון ווייטיק, וואָס כ'בין ניט בלויז די סבה פון דיין גליק, נאָר אויך פון פּיין...

מירקע, דו, — אומפארגלייכלעכע, דו, איינציקע פרוי, וואס כ'האב ווען געליבט און וועל ליבן: איך קען ניט... כ'קען ניט, זי איז שטאַרקער פון מיר, די קראַפט, וואָס לייגט מיך אום, ווי א בוים אין שטורעם — זי איז כמעט אזוי שטאַרק, ווי דו... דיין גרויזאמע אידייע וועגן דעם כוס וויין, וועלכן מיר דאַרפן ניט טרינקען, מאַכט מיך משוגע. איך מוז דיר ווידערשפּעניקן, ליבסטע... אויב ס'זאל פון מיר זיין אפּהענגיק, אויף זיבן פייערן געבראָטן, פארשפּארט הינטער זיבן מויערן, — ניין! — וואָלט איך געשריען; כ'וואָלט ארויס פון פייער, דורכגעבראכן אלע מויערן און געטרונקען דעם וויין — און זאָל עס מיך קאָסטן מיין לעבן...

דאס קלינגט פאַטעטיש, מירקע, אפשר אלטמאָדיש?... נאָר זאָג מיר, טייערסטע, וואָס קען איך טאָן, צו באַזייטיקן די באַריערע ארום דיין האַרץ, דעם גרענעץ-זייל, וואָס האָסט אזוי מיזאָם אויסגעבויט אין סאַמע מיטן פון אונדזער גליק...

כ'ווייס, ניטאָ קיין פּרייז פאַר דיין ליבע. דאָך, אויב דו זאָלסט פארלאַנגען, וואס וואָלט איך דען ניט געטאָן?... און אפילו ניט מיט דער אויסזיכט אויף דעם אומדערגרייכבארן גליק, צו האבן אין דיר א פרוי, די מוטער פון א קינד, וואס זאל זיין אונדזער... ניין. דאס קען איך גאָרניט אָנען: כ'ווייס דיין ליבע צו גרשון'ען און דאס איינציקע, מחוץ פון דיר, וואָס באַדייט פאַר מיר עפּעס, איז דאָך דיין קינד און — גרשון...

גרשון?... צי דאַרף איך וואגן אויסצורייידן זיין נאָמען? טיילט ער דען ניט מיט מיר זיין צייטווייליקע היים, זיינע ליידן און פריידן, ווי א ברודער?... און איך?... זינדיק איך דען ניט לגבי אונדזער פריינטשאַפט, וועלנדיק, ער זאָל טיילן מיט מיר אויך זיין גליק?...

וואס איך זאל ניט אויסגעפינען פאַר מיין פאַרטיידיקונג, קען עס בלויז מילדערן מיין גרויסע שולד, אָבער אין קיין פאַל ניט מבטל מאכן. ניט די יאָרן פון איבערמענטשלעכער בענקשאַפט זיינען עס אומשטאנד, דאס זוכן און ניט געפינען דעם אומקום אויפן פראָנט — און אפילו ניט די ראַנגלענישן פונעם לעצטן יאָר, וואס איך האב אויסגעפאָכטן מיט זיך טאָג-איין, טאָג-אויס, זייענדיק מיט דיר אין איין

רוים, אויף א מהלך פון אויסשטרעקן די האנט — ביז צום אויסברוך פון די לעצטע טעג...

כ'מוז ריידן מיט גרשונ'ען... כ'ווייס, וועסט אים אליין אלץ דער־ציילן, נאָר דאס איז מיר ניט גענוג. ניט פארשווייגן עס — די קראפט וועל איך נאָך געפינען אין זיך. די שולד וועט פארבלייבן, ווייל כ'פיל אויך אויף ווייטער ניט די מעגלעכקייט ארויסצורייסן דיך פון מיין הארץ. אבער די פאלשקייט, לכל הפחות, זאל באזייטיקט ווערן: אויג אויף אויג מיט זיין שמייכל, מיט דער ווארעמקייט אין זיין פארטרוי־לעכן בליק, מוז אראָפגעקייקלט ווערן דער שטיין פונעם סוד, וואס לאַס־טעט איצט אויף מיין געמיט, פרעסנדיק שווער דאס אינטימע, דאס פריינטלעכע צו אים... כ'מוז ריידן מיט אים — און זאל ער אונדז העלפן, — ער, דער גליקלעכסטער פון אונדז...

מירקע!... — — — — — — — — — — — — — —

ווען איך זאל איצט קענען שלאָפן, געליבטע — אין חלום זיין אזוי נאָענט מיט דיר, ווי יענעם לעצטן אָוונט, ווען כ'האב געגלעט דיין לייב — און דיינע האָר, באגאָסן מיט לבנה־שיין, האבן געפלאטערט אויף מיין ברוסט... אין חלום בלויז קען זיין שלימות'דיק מיין גליק, אין חלום קען איך טרינקען דיין לאָגל, וואָס האָסט אין דער ווירקלעכ־קייט מיר פארזאָגט, און אָנפילן אים פונדאָסניי...

זיי מוחל, קינד, וואָס כ'פארשאף אונדז אלעמען אזויפיל צער און וויים, אז אנדערש קען איך נים.

כ'רוף דיך אינעם געדאנק מיט די שענסטע נעמען פון מיין טרוים, וואס דארפן ניט געוואגט זיין ארויסגעזאָגט צו ווערן אויף דער וואר...

דיין דוד.

* * *

אז גרשון איז אהיימגעקומען פון זיין נסיעה איבער לאגערן, איז מירקע געלעגן קראנק.

א דייטשקע האט זיך געפאָרעט אין קיך און דוד'ל איז, א פאר־וואָרלאָזטער, ארומגעלאפן אין גאָרטן.

פון דער דייטשקע האט ער זיך דערוווסט, אז דער שול־לייטער פון יידישן קאָמיטעט האט איר אהערגעשיקט אויפפאסן אויף דער קראנקער, אויפן קינד און אכטן אויפן „האוזהאלט;” אז פון דער שולע קומען די הערשאפטן דערוויסן זיך, וואס די קראנקע מאכט; אז צוויי מאָל איז געווען דער דאָקטאָר, געזאָגט, ס'איז „הארמלאָז”, פאראָרדנט

א מעדיצין און — „רוע, נור רוע”, — האט ער געזאָגט, ווייל די נערוון זייגען צופיל געשפאנט.

— דער הער פארשטייט, געווען אליין, די דאַמע, אינעם הויז, אפשר איבערגעשראָקן זיך פאר עפעס... — האט זי אים אויספירלעך געגעבן צו פארשטיין.

גרשון איז געווען דערשראָקן. אָפּגעשיקט דאס קינד צו באקאַנטע און גענומען זיך פּאָרען ביי דער קראנקער.

ער האט געפּרוווט זיך פאָרשטעלן, ווי זי איז געווען אייגזאם און הילפלאָז, ווען די קרענק האט צענומען אירע גלידער, און וועקלייגנדיק איר, ווי דער שטורעם לייגט אוועק א בוים, א פארלאָזענעם אין פעלד.

— קיין מאמע, קיין שוועסטער... — האט ער געטראכט — טאַמער מאכט זיך עפעס, ליגט עס עלנט, פארוואָרלאָזט, פארמשפט, און בעסטן פאַל, אויף פיינטלעכן בראָט פון דייטשע הענט...

א מעת-לעת איז גרשון ניט אָפּגעטרעטן פון איר בעט; געטווישט די קאָמפּרעסן אויפן קאָפּ, געהיטן די פיבערדיקע וואַכעדיקייט, וואס פלעגט פון צייט צו צייט אריינוואַרפן די קראנקע אין א באוווסטלאָזן פּלאָנטער פון רייד.

א מידער פון וועג, באזאָרגט וועגן מירקען, מיט אויגן, פול לייד און ניט אויסגעשלאָפענעם שלאָף, האט ער אריינגענומען אין זיך דעם שלומער פון אירע רייד, באמיענדיק זיך, צו דערגיין פון זיי עפעס א טאָלק.

זי האט געקרעכצט, געוויינט, גערופן גרשונ'ען מיט די צערטלעכסטע נעמען, געבעטן זיך ביי דוד'ן, ער זאל איר פארגעבן די גרויסע עוולה, וואס זי באַגייט לגבי אים... פלוצים געוואלט זיך גאָר אויפכאפּן און ניט געקענט. אָנווייזנדיק אויפן פענצטער, האט זי זיך באמיט אויסצוטייטשן גרשונ'ען, ווי א לערער דערקלערט עפעס זיין שילער, אז — איצט... אינדרויסן איז פארטיק דער ראָוו און — טאַטע-מאַמע, געשוויסטער, די שכנים — אלעמען וועלן זיי שיסן, די רוצחים; אז זי אליין איז שוין לאנג דערשאָסן, ליגט אינעם ראָוו און ווו וועט ער, גרשון, אהינטון זיך מיטן קינד?... און, זאל ער בעטן ביי דוד'ן — האט זי גע'עצה'ט — געווים וועט ער אים העלפן, ווייל ער האט איר ליב... — און ווידער געוויינט, שטיל, איינטאָניק, אָן ליידנשאפט, ווי

א קינד, בעת ס'איז אים שוין נמאס דאס וויינען און אַט, אַט וועט עס אריינפאלן אין די אָרעמס פון שלאָף...

נאָר אמעריקאַן האט זי געפּליסטערט אומפארשטענדלעכע רייד וועגן עפּעס א בריוו, וואס ליגט ביי איר הינטערן קישן און האלט איר צוגעשמידט צום בעט, בעת דוד'ל, פון קיינעם ניט געהיט, קען נאָך חלילה ארויסלויפן אין גאס, ווו ס'גייען אום מענגעס דייטשן, גרייט אים צו פארברענען...

ווי די נאכט געמט רייסן איר טונקעלע הילע ביים ראנד פון באגין, אנטפּלעקנדיק פארשוומענע קאָנטורן פון א בוים, א הייזקע פארן אויג פון א וואנדערער אויפן שליאַך, אזוי האט גרשון אייניקווייז באנומען דעם זין פון אירע קראנקע, שטאַמלענדיקע רייד. דאס, וואס האט אזוי פארנעפּלט, אן צוזאמענהאנג, ארויסגעשיילט זיך פון הינטער דער שאָל פון איר ביטערן שלוכצן, האט ער לאנג און זאָרגפעלטיק סע־גרעגירט אין זיין מידן מח, איבערלייגנדיק עס לשם אָרדנונג פון איין אָפּטיילונג אין דער אנדערער, ביז ס'איז געוואָרן פארשטענדלעך, כמעט קלאָר: ער איז געווען זיכער, אז א בריוו ליגט אינדערהאמתן הינטער איר קישן, נאָר ער האט ניט געוואָלט, אויסנוצנדיק איר הילפלאָזיקייט, אומ־שטערקן זיין נייגיריקייט נאָך איר סוד...

איין געדאנק האט איצט געענגערט זיין מח, איין געפיל האט געמאטערט זיין געמיט: זי ליידט — האט ער געוווסט. דאס איז אלץ, וואס ער איז פעאיק געווען צו עמפּינדן אין יענע שעהן, ווען דער פי־בער האט, ווי א פינצטערע מאכט, פאר אים אין די אויגן געוואָרפן דאס געליבטע וועזן פון ראנד צו ראנד אויפן בעט, מיט טעמפּע נעגל ארייגקלאפנדיק אין איר לייב די איבערלעבונג, וואס שטעקט מיט אי־רע וואָרצלען אינעם אָפּגעלאָפענעם פלוס פון פארגאנגענע טעג. די איי־נע זאָרג האט געגאָיעט זיין הארץ, געדונצלט דעם שטערן אין קנייטשן און פייכט געמאכט דעם בליק — דאס איבעריקע האט ער אָפּגעלייגט אויף שפּעטער...

— מירקע... מירקע... — האט ער איבערגעחזרט פון צייט צו צייט, גלייך, דאס שטיק ליבשאפט, וואס ער האט אריינגע־כשופט אין דעם וואָרט, זאל זיין א שליסל צו דער ליידנסקאמער, וואס האלט איר פארשפּארט אין קלעם...

אז זי האט, אויף צומארגנס נאָך זיין קומען, געעפנט די אויגן,

האט א זון־שטראַל געהוידעט זיך אויף איר ברעם, טריגקענדיק א לעצ־טע טרער און איר קליינע האַנט האָט גערוט אין זיינער.

מיט דער פרייער האַנט באַרירנדיק דעם נאַסן קאָמפּרעס אַרום קאָפּ, האָט זי א ווײַלע געפינגלט מיט די אויגן, ווי זי זאָל זיך מיען אויפצובינדן אין געדאַנק א זייער פאַרפּלאָנטערטן קנופּ.

זי האָט געשמייכלט פאַרלעגן.

— כ'וויס, אַז ביסט געקומען... — האָט זי געזאָגט און איר קול האָט געקלונגען מאַט — בין איך מער ניט קראַנק?

— ניין, מרים'קע, — האָט ער זיך דערפרייט — ביסט שוין מער ניט קראַנק.

זי האָט געקוקט אויף אים מיט איר געוויינלעכן, ליבלעכן בליק.

— גרשון! בין איך שוין ניט קראַנק?... — האָט זי פּלוצלונג איבערגעחזרט די פראַגע, איינעסנדיק זיך אין אים מיט איר בליק.

פּחד איז געווען אין איר קול.

זי האָט געפּרוווט אונטערהייבן זיך פון קישן און ניט געקענט.

— זיי ניט אַזוי אומגעדולדיק, קינד... — האָט גרשון אַרומ־גענומען איר אַקסל, אַרונטערדריקנדיק די האַנט הינטער איר פּלייצע — דו ביסט געווען קראַנק. איצט איז שוין גוט; די היץ איז אָפּגע־טרעטן... נאָר בלייב רואיק, מירקע, רייד ניט קיין סך — מ'טאָר ניט אַזוי, מיטאַמאָל!...

ער האָט איר אַריינגעגאָסן עטלעכע לעפעלעך קאָמפּאָט אין מויל. זי האָט געשלונגען, געהאָרכזאַם און אונטערטעניק, ווי א קינד. נאָר דער אויסדרוק פון איבערגעשראָקנקייט איז ניט פאַרשוווּנדן פון איר אויג.

— וואָס האָסטו מורא, קליינס? אַלץ איז דאָך שוין פאַרביי... — האָט ער געשמייכלט, א גליקלעכער, וואָס ער דאַרף מער ניט צוזען, ווי דער פיבער שמייסט מיט פייערדיקע רוטן איר לייב.

— פאַרביי?... — האָט עס קלאַנגלאָז א שלוכץ געטאָן אין אים — איצט, ווען דער היץ־שלומער האָט פריי־געלאָזן איר גוף, צי קאָרטשעט איר נשמה זיך ניט אין וויי?...

— אָבער, גרשון! דו זעסט אויס — שרעקלעך!... — האָט זי עס ענדלעך אַרויסגעוואָרפן פון זיך — זע איך אפשר שלעכט?... דאָך, גרשון, איך האָב אַוודאי היץ...

א צעטומלטער איז ער צוגעגאַנגען צום שפּיגל, וואָס האָט

צווישןביידע פענצטער געוויגט זיך, הארץ־פאָרמיק, אין דער באַגיל־דעטער ראָם: א בלייכקייט האָט פּרעמד און גרוי זיך איינגעגעסן אין זיין פּנים, דער שמייכל איז געווען שלאַבעריק, צעקנאָדערט, ווי א שווערער וואָלקן וואלט א צייט־לאנג איבער אים געהויערט, דער בליק — אויסגע־לאָשן, מאָט, גלייך, ער וואָלט איבערגעאַכט פארלוירן זיין שטענדיקן גלאַנץ...

— דאָס מיינסטו איינגאַנצן? ס׳איז גאָרניט, — האָט ער געזאָגט, זיך אומקערנדיק צו מירקען — זאָל עס זיין פאר אונדז א דערמאָנונג, אז מיין הארץ קלאַפּט אין איין ריטם מיט דיינעם. ניט געקענט בלייבן אומפארענדערט, ווען דו ליידסט...

— איז עס געווען אזוי שלעכט?... — האָט זי געפרעגט.

— איז עס איצטער גוט?... — האָט ער צוריקגעפרעגט, גלעטנ־דיק אירע פייכטע האָר.

— כמעט...

זי האָט אוועקגעמאכט מיט דער האַנט דעם קאָמפּרעס, ווי אן אומנייטיקע זאַך.

— כ׳דארף איך ניט מער, די ווייסע פאָן — האָט זי געזאָגט — איך גיב זיך מער ניט אונטער...

זי האָט צוגעצויגן צו זיך גרשונען און געקושט זיין פארענדערט פּנים.

— מ׳דארף ניט, מרים׳קע... — האָט ער זיך געווערט, פאר־פלייצט פון גליק — ביסט נאָך שוואַך... און רייד ניט אזויפיל פארא־מאָל!....

ווי זי וואָלט זיך פּלוצים דערמאָנט עפּעס זייער וויכטיקס, וואָס לאָזט זיך ניט אָפּלייגן אויף שפּעטער, האָט זי אַפּערגענומען פון הינ־טערן קישן א שטיקל ווייסקייט, געפּלט אין דינע בלעטלעך. א ווײַלע האָט עס, ווי אן אומרואיקער זעגל, געפלאַטערט צווישן מירקעס פינ־גער, נאָר באלד האָט זי דאָס צוגעשיפט צו גרשונען אויף איר האַנט־פלאַך. איר פּנים איז געווען בלייך און טרויעריק...

נאָר ער האָט זארגפעלטיק אוועקגעלייגט די פארשריבענע בלעט־לעך אין א זייט.

— ניט פריער, ווי דו וועסט זיין איינגאַנצן געזונט — האָט ער איר אויפגעקלערט — ס׳איילט ניט, טייערע, מיר האָבן צייט...

עפּעס זייער מילדעס האָט געגלעט זיין געמיט.

— דאָס איז זי, זיין מירקע, — האָט ער געטראַכט — קען ניט פאַרהוילן פאַר אים קיין זאַך...

נאָר, זעענדיק אירע אויגן, לויטער ווי, האָט ער געזאָגט:

— מאָרגן, מירקע...

און זי האָט געוואַרט.

* * *

א לעצטער שטראַל האָט געגנייגט צו מזרח זיין גרוי־געוואָרע־נעם קאָפּ, הילנדיק אין דעמערונג דאָס צימער און מירקעס געשטאַלט, וואָס האָט, ווי א פלאַנץ, אַרויסגעבליט פון בעט, דאָס פּנים באַהאַלטן אין די הענט — ווען גרשון האָט פאַרענדיקט לייענען דעם בריוו...

זיין בליק האָט באַלויכטן די דעמערונג מיט א זעלטזאַם ליכט און דער שמייכל, וואָס האָט פאַרוועבט זיין מויל אין א גרויל־עבער נעץ, האָט אין די ליפּן־ווינקלען געהאַלטן געפאַנגען א וואַרעמע כוואַ־ליע און זי, די דאַזיקע כוואַליע, האָט צעשוימט איבער זיין פּנים א מין טרויעריקע אַנטציקונג...

— — — אַלדאָס קלייניגלעכע און ענגהאַרציקע, אַלדאָס אייגנגע־שפּאַרטע, וואָס האָט, ווי א מוטנע לוזשע, געפּראַוועט הויערן אין דער טאַזשלקע פון זיין האַרץ, איז אויסגעוועפּט געוואָרן אונטער דעם פּיי־ער פון א מענטשלעכער נשמה, פאַרקערפּערט אין א בריוו... ער האָט געפילט זיין אייגן האַרץ, ווי א קוואַל, וואָס שווענקט אַראָפּ דאָס בלאָ־טיקע פונעם וועג, אָפּשפּיגלענדיק אין זיין שטראָם דאָס איינציקע: די וווּנדערבאַרע ליבע, דעם טיפן ווייי, וואָס ריזלט אין יענעם האַרץ... און ער האָט זיך פּלוצים דערפילט קליין און נישטיק אינעם אָנבליק פון דער פרייגנטשאַפט, פון דער פאַרערונג און פאַרטרוילעכקייט, וואָס דוד פאַרגעסט ניט צו שענקען אים, גרשונ'ען, אינעם אייגענעם ווייי...

ער האָט פריינעלאָזן דעם שטול, צוזעצנדיק זיך ביי מירקען אויפן בעט און מיט א צערטלעכער באַוועגונג אָוועקגענומען פון איר פּנים די הענט.

— וווּ ביסטו איצט געווען, מירקע?... — האָט ער געפרעגט, ניט אַרויסלאָזנדיק אירע הענט פון זיינע.

— ווייט, ווייט פון דעם צימער, אויף א פאַרכשופטן אינזל מיט אייך ביידן... מיינסטו, אַז איך האָב דאָס געמעגט?...

— מיינסטו, אַז מ'קען אָנוואַרפן דעם געפיל געזעצן, אַריינפּרעסן עס אין א שעכטעלע פון שוועבעלעך?... — האָט ער צוריקגעפרעגט.

מירקע האָט געשוויגן. אויפֿן גרונט פֿון איר נשמה, האָט, ווי א נייער זאָמען, געקערנט דער באשייד, דער זין פֿון איר צוזאַמענלעבן מיט דעם מענטש, וואָס האָט פֿאַר איר א טייערן און איינציקן ווערט...

— ביסט ניט בייז אויף מיר, אויף אים?... — האָט זי גע־פֿרעגט, אנבויגנדיק צו אים דאָס מויל.

— און אפֿשר דאַרפֿט איר גאָר ביידע בייז זיין אויף מיר?... — האָט ער ווידער געענטפֿערט מיט א פֿראַגע.

א ווײַלע האָבן זיי געשוויגן, און:

— מירקע!... — האָט ער פּלוצים געזאָגט, ארויסדרענגענדיק די האַסטיקייט פֿון זיין קול. — מיינסטו ניט, אז אזעלכע זיבן איינזאַ־מע יאָר, נאָכדעם, ווי ער האָט דיך ליב באַקומען און האָט לעצטע, אונ־טער איין דאַך מיט אונדז, מיט דיר — מיינסטו ניט, אז דאָס איז צו־פֿיל פֿאַר א מענטשלעך האַרץ?...

ער האָט געוואָלט זאָגן מער וועגן דעם, נאָר די בלאַסקייט אויף מירקעס פּנים און איר צער'פֿולער בליק האָבן פֿאַרשלאָסן אין אים דעם קוואַל פֿון רייד, צווינגענדיק צו שפּרייזן אויף זייטיקע סטעזשקעס פֿון שפּאַסיקייט, ווי א גוטער שווימער האַלט זיך אויף דער שפּילעוודיק־פֿליסנדיקער אויבערפֿלאַך פֿון וואַסער, וואָס באַהאַלט אין זייגע טיפֿע־נישן א געפֿערלעכן ווירבל־שטראָם.

זי האָט געקושט זיין מויל און גרשון האָט עס עמפּפֿונדן, ווי די ערשטע צערטלעכקייט פֿון א געליבטער פֿרוי, ווי א מין בראשית...

— הם... — האָט ער אויסגעמורמלט, בארוישט פֿון איר קוש — דוד איז א גרויס קינד: ער איז רירנדיק אין זיין בייגונג איבערצוטרייבן די שולד. נאָר דו, מירקע, האָסטו ניט קיין ברעקל חרטה אין זיך?... — האָט ער איר צוגעוווּנקען מיט אן אויג.

די טונקלקייט האָט כמעט אינגאַנצן פֿאַרשלונגען דאָס צימער און גרשון האָט זיך געאײַלט צו מאַכן ליכטיק. ער האָט ניט געוואָלט, דער מינדסטער אויסדרוק אויף מירקעס פּנים, דער מינדסטער שימער פֿון איר אויג זאָל אין דער זעלטענער שעה בלייבן פֿאַרהוילן פֿאַר זיין בליק; און מירקע האָט פֿאַרשטאַנען זיין מיין...

— שולדיק? — איז זי געוועזן ערנסט, א ווײַלע געזשמורעט די אויגן אנטקעגן דעם ליכט־שטראָם, וואָס האָט אומגעריכט א פֿלייץ געטאָן איבער איר מאַטקייט. — שולדיק — קעגן וועמען? — האָט זי נאָכ־דענקנדיק געפֿרעגט, און אינעם טרייסל מיטן קאָפּ האָט גרשון געזען,

ווי ס'שטייט אויף אין איר דער בונט: — קענן זיך אליין, קענן אים — אפשר... קענן דיר — אינגאנצן ניט... צי קען געמאָלט זיין עפּעס א שולד אינעם אויפגייענדיקן, אדער פארגייענדיקן טאָג, אין גרינען פון א בוים, אינעם וואסערס שטילן, אָדער שוימיקן ברויז?...

איר אָטעם איז געווארן האסטיקער, דאס פּנים האט געפלאַמט און אין דער מידקייט פון איר בליק האט אויפגעלויכטן א פייערל.

— דוד איז א קינד, דאס שטימט. נאָר איך... איך פיל ניט אין זיך קיין שולד...

— מירקע, — איז ער אויך געווארן ערנסט — איך מיין עס ניט אנדערש, ווי דו; אפשר איז עס געווען אומגעלומפּערט פון מיין זייט, נאר איך האב דאס געזאגט, וועלנדיק מיט דער שפּילעוודיקייט פון וואָרט, גרינגער מאכן דאס שווערע, וואס קען לאַסטן אויף דער ערנסטקייט פון אונדזער שמועס און פארשאַצן דיר צער... פארשטייסטו מיך איצטער, טייערע?... — האט ער געפרעגט, ארומנעמענדיק איר אַקסל. און זי האט געוווסט, אז אזוי איז עס אינדעראמתן דורך אים געמיינט.

אזוי איז ער געבליבן א ווילע, אנגעבויגן איבער מירקען, מיט איר גוף און זייגע ביידע הענט. אמגערנסטן וואלט ער מיט קושן פארזיגלט די רייד אויף איר מויל, און, ווי אן אנדערשמאָל, גענומען איר ליבע, טרינקנדיק האסטיק, אויף זיין שטייגער, דעם ווייַן, וואָס ריזלט אינעם געפּעס פון איר איטלעכן גליד. די צווי וואָכן אָן איר, דער צושטאנד פון הילפלאָזיקייט, אין וועלכן ער האט איר געטראָפן, קומענדיק אהיים, דער וווּנדערבארער בוויר פון זייער פרייַנט, זייער ביידנס ליבע און לייד — אלץ דאס האט נאך שטארקער געקנופּט זיין צוגעבונדנקייט צו דער פרוי, וואס קוקט אויף אים מיט לויטערע בליקן פון א קינד, ניט באהאלטנדיק פאר אים, אז זי ליידט און, ווי א העליש פייער, אין דער שטילער אָוונט־שעה געצונדן זיין ליידנשאַפט צו איר...

נאר, אכטנדיק דערויף, וואס זי איז נאך ניט אינגאנצן געזונט, פול פארשטענדניס צו דער איבערלעבונג, וואס האט אזוי טיף אריינגעשרויפט זיך אין איר נשמה און גוף, האט ער ניט געקענט נעמען איר ליבע אזוי פשוט און זעלבסטפארשטענדלעך, ווי ביז איצט: אפשר וויל זי אים ניט מער?... האט עס געשניטן זיין הארץ. ער האט געוואַרט אויף א צייכן פון איר, וואס זאל אפלייקענען, אדער באשטעטיקן זיין אומזי=

בערקייט, און ס'איז געווען אזוי, ווי מ'וואָלט אויף א פייער-פאַן גע-
בראָטן, געסמאַליעט זיין גוף...

דאָס ענגהאַרציקע און איינגעשפּאַרטע האָט ווידער געפּרוווט מוטנע מאַכן די לויטערקייט פונעם האַרציקן קוואַל.

— איינגעטלעך, וואָס ווילן מיר דען?... — איז ער געווען סאַר-קאַסטיש — ענדלעך איז עס ביי אונדז כמעט, ווי ביי לייטן...

— ניין. כמעט ווי ביי לייטן איז עס ביי אונדז ניט... — האָט מירקע געלאָזן דערווידערט. א האַלב-טרויעריקע, האַלב-צופרידענע נאָטע האָט געשטעקט, ווי א דאָרן, אין איר קול. — ערשטנס, זיינען מיר באַרוישט געוואָרן, ניט טרינקנדיק דעם וויין, צווייטנס — פאַרהוילן מיר גאָרניט פאַר דיר...

— דאָס איז ריכטיק מרים'קע... — האָט ער זיך פאַרשעמט — גאָר, באַדויערסטו אפשר, וואָס האָסט אים ניט געטרונקען?... — האָט ער געוואָלט דערגיין.

— כ'וויים ניט... — איז זי געווען אויפריכטיק.

— און פאַרוואָס?... פאַרוואָס אזוי?... האָסטו אים דען ניט ליב?... — האָט א דין-דינע האָפענונג-שטרייפעלע געמיניעט א ווײַלע אין גרשונס געמיט.

— מער, ווי מיר ביידע קענען זיך דאָס פאַרשטעלן... — האָט עס א ווייע געטאָן פונעם קישן, צערייסנדיק דעם האָפענונגס-שטרייף אין זיין געמיט.

— טאָ פאַרוואָס?... — איז ער ניט אָפּגעטראָטן, כאָטש ער האָט געפילט, ווי יעדעס אַרויסגעזאָגטע וואָרט רייסט טיפער אין אים די וווּנד.

— פאַרוואָס... — האָט זי נאָכדענקנדיק געזאָגט — צוערשט האָב איך עס זיך אויסגעטייטשט אזוי. — און זי האָט אים דערציילט איר אידיי — נאָר דערנאָך, אז איך בין געבליבן אליין, האָב איך מער ניט געוווּסט, צי ס'איז אינגאַנצן ריכטיק, אָדער ניט. און שפּעטער האָב איך געוווּסט, אז ס'איז ניט נאָר דאָס... אז די סבה פון מיין אויפ-פאַסונג, שטעקט ניט אויף דער אויבערפלאַך פון כוס וויין, וועלכן מיר דאַרפן ניט טרינקען — זי איז טיפער, זי ליגט אויפן דנאָ פונעם מענטשלעכן אונטערבאַוווּסטזיין, געפּענטעט און פאַרדרענגט פון זייט דורות איינגעוואָרצלטער דערציונג; דאָס ריזלט פּשוט איגעם בלוט, אריינגעזויגן מיט דער מוטערס מילך און אלע פּראָגרעסיווע און פאַר-

נונפטיקע אויפפאסונגען האבן אין פראקטישן לעבן ניט קיין פארווענדונג, ווען זיי שטעקן אין אזא דומקאפּ, ווי מיינער... כ'קען ניט, גרשון, פארשטייסט?... — האט זי זיך באמיט אויסצוטייטשן גרשונען עפּעס, וואָס איז פאר איר אליין אויך ניט אינגאנצן קלאָר. אירע אויגן האָבן געגליט און די ביטערניש האָט אויף א פיבערדיקער כוואַליע געוואָרפן דאָס קול ארויף און אראָפּ...

— זאל ער איר איבערייסן?... — האט ער זיך געשושבט — זי איז נאכניט געזונט, ס'קען זיך ענדיקן שלעכט...

נאָר, ווי א פארצויבערטער, האט ער ארייננענומען אין זיך אירע רייד, אליין ניט קענענדיק ארויסברענגען א וואָרט.

— אזוי האב איך שפּעטער געמיינט — האט זי וואס אמאָל ווילדער צעקייקלט די ווערטער, ווי שטיינדלעך, איבער דער וואַנט פון זיין שווייגן — און נאך שפּעטער איז געקומען דער בריוו און איך האב שוין גאָרניט געמיינט... און איצט...

נאָר פלוצלונג איז עס געקומען איבער איר. דאס שלוכצן און גרשון האט אויסגעפילט אין אים די זעלבע קראַמפּ, וואס האט מיט עטלעכע טעג פריער ארייננעוואָרפן איר ווען אין די פיבערדיקע לאבירינטן:

זי האט געוויינט ביטער, אומגעצוימט, ניט צום איינעמען; ווי א קינד, וואָס האט אַקאָרשט אָנגעהויבן און ס'דוכט זיך, ס'וועט קיינמאָל ניט אויפהערן...

דאס איז ניט געווען מירקעס געוויינלעכע, קלאנגלאָזע וויינען, ווען זי לעבט עפּעס איבער: דאס פּנים בלייבט אומבאוועגלעך און די טרערן קייקלען זיך שטיל, ווי מ'זעט עס אמאָל אויף א בילד... ניין, דאָס איז ניט געווען ענלעך צו קיין שום אויסערונג, וואס ער האָט ווען ניט איז בייגעווויגט ביי זיין פרוי, ביז דעם היינטיקן טאָג. דאס איז געווען א סטיכיע, וואס באפאלט א תבואה־פעלד און א הייסן, מיט עלעקטריציטעט באלאָדענעם טאָג, טרייסלט ריקזיכטסלאָז, אָן שום איינזען זיין געביין, בויגט צו דר'ערד דעם שלאנקן, זאנגישן גוף, וויל מאכן פון אלץ א תל...

א ווײַלע האט ער ארייננענומען אין זיך דעם געוויין, ניט־מירקישן אויסברוך פון צער, ווי דעם פיבערדיקן שלומער פונעם נעכטיקן טאָג.

נאר באלד האט ער איר א כאפּ געטאָן אויף די הענט און, ווי א

ווייכער, גענומען זיך טראגן מיט איר איבערן צימער, אומוואַרפנדיק קלענערע מעבל=שטיקער אינעם ווירבל=געדריי. ווי א באַנומענער, האט ער זיך איינגעזויגן אין יעדן ברעקל פון איר לייב, איינשטילנדיק דעם ציטער, וואָס האָט אויף א בייזער כוואַליע געהוידעט איר געמיט, און אויסטריקענענדיק דעם געזאַלצענעם פלוס, וואס האט אלעמאל אויפסגיי געשפּארט פון א פארבארגענעם מקור.

— וואָס טוסטו?.. — האט זי, א דערשראקענע, געפליסטערט אין די אָרעמס פון א נייעם אויפברויז, וואס האט גראד אראָפּגעשווענקט די לעצטע טראָפּנס זאַלציקייט, אַנטפּלעקנדיק דעם הוילן גרונט — די באַלעבאָסטע וועט דאָך א הארץ=אַטאַק באַקומען, מאכסט איר אלץ ,,קאַפּוט!"...

— זאָל זי!... א דאגה דיר, פאר דער דייטשקעם טריפה'נע הארץ און פאר דעם אָנגעראַבעוועטן האָב... — האט ער געמורמלט האלב=פארשטענדלעכע רייד — וואָס'זשע? זאָל איך אפשר לאָזן, די סטיכיע זאל מאכן פון דיר א תל?..

— ביסט אליין נישקשה פון א סטיכיע... — האט זי זיך געלאַשטשעט, אויסשטרעקנדיק צו אים דאס מויל.

ווי דער הימל, אויסגעלייטערט נאכן שטורעם, איז זי, א גליקלעכע, געזונקען אין זיין אָרעמס און ער האט גענומען איר ליבע, ווי א וואונדערלעך געשאַנק, — ווילדער נאך און האסטיקער, ווי תמיד, געניסנדיק איר צערטלעכקייט, גלייך ער זאל איצט געוויער וויסן באשייד, אז איין מענטשלעך לעבן קען ניט סטאַיען אויף אויסצושעפּן די גאַנצע גליקזעליקייט, וואָס שלומערט אינעם געליבטן וועזן פון א פרוי...

— — — ווי געראַטעוועט פון א שיף=ברוך, וואס האט אָקאָרשט געוויגט אין איר נשמה קיינמאל ניט געאַנטע וועלטן, ארומגענומען פון זיין אַקסל, הויל=נאַקעט, צעוואָרפן ארום זיך די פערענעס, איז זי, א מידע און גליקלעכע, געלעגן אינעם בעט, ווי אויף א שיינעם ים=ברעג, ווו ס'האט איר ארויסגעווארפן א שוימענדיקער שקוואַל...

ווילסטו זיך אפשר פון מיר שיידן?.. — האט ער געפרעגט מיט זיין מויל נעבן אירן, אליין פילנדיק די זינלאזיקייט פון אזא פראַגע.

מירקע האט זיך אונטערגעהויבן פונעם געלעגער, ארייננקוקנדיק אים דערשראקן אין די אויגן...

— אין דיין עלטער מעג מען האָבן מער שכל... — איז זי, א בארואיקטע, צוריקגעפאלן אויפן קישן.

ער האט געקושט מירקעס אקסל, וואס האט, ווי אן עפל, גערונ־דיקט זיך נעבן זיינעם; שטיל, ווי א הויך, האט זיך געטראגן צו איר זיין איבערגעבנקייט:

— און וואס וועט זיין — ווייטער?...

— ס'וועט גארניט זיין. — האט זי געשמייכלט — כ'וועל אנשרייבן וועגן אונדז דריי א דערציילונג און מענטשן וועלן לייענען...

— אין וועלן זאגן, ס'שטימט ניט, אדער וועלן גאר זיין אין כעס, פארשטייענדיק דאס, ווי א מעשה מיט אן „אמאראלישן" מוסר־השכל... אייניקע וועלן עס אפשר אויפנעמען אזוי, ווי ס'איז געווען אין דער אמתן. אלנפאלס...

נאר דער דרעמל האט שטילערהייט פארגנבעט זיך אויף מירקעס ברעמען, מיט א דין וועגטל אפצוימענדיק פון איר גרשונס ווערטער.

— — — — ווי אן אפענער קלאוויר, האט דער שלאף געשפרייט איבער איר שטילע, אומפארגלייכלעכע קלאנגען און אין די קלאנגען האט זי פארנומען די זעלטזאמע מעלאדיע פון א שיינעם, ניט־דערזונגענעם ליד...



# מענטשן ווילן לעבן

דער גרויסער, פירעקיקער זאל פונעם שארית-הפליטה-שפיטאל אין מינכען שמעקט מיט לייבער, צעפארעמטע אונטער דעקן, מיט בינטן, גיפסן, קאמפרעסן, מיט מעדיקאמענטן און מיט בלומען, וואס באזוכער ברענגען פאר די קראנקע.

אין די בעטלעך, — דוכט זיך, בלויז אויגן... אויגן פון אלערליי קאלירן: גוטמוטיקע, גרויע, אויסגעוואשן פון צופיל אומעט, פון טרערן — און שעלמישע, קארנבלומיק-בלויע, וועמענס ארישער אויסדרוק ס'האט בעת דער מלחמה דערהאלטן ביי זייער באזיצערן דאס לעבן... טרוימעריש-ברוינע, מיט, אדער אן א גאלדיקן אפשיין, וועמען ס'פלעגט אמאל געלינגען ארייננצוברענגען דעם פארפאלגער אין א ספק, נאר מערסטנטייל האט זיי פאראטן דער טרויער... און ענדלעך, די סאמע געפערלעכסטע, קויל-שווארצע, טיף-אומרואיקע, יידישע, אן דער מינדעסטער האפענונג אויף א ברעקעלע ספק, אומפארמיידלעך צום אונטערגאנג געחתמעט און נאר דורך א נס ניצל געווארן, בכדי צו דערטרינקען די מאס פון עלנט, וואס איז, קאנטיק און א דנא...

אויגן פארשיידענע, פון אלערליי קאלירן. נאר פון אלע שרייט ארויס דערזעלבער ווייטיק פון א געפייניקט לייב: אויף אפעראציאנסטיש געקרייציקט, צעלעכערט פון וואונדן, געשפיזט פון יסורים, קלאמערט עס זיך איינעם לעבן, שרייט און מאנט א תיקון פאר זיין קיום.

און, אז די ווייטיקן לאָזן אָפּ אויף א ווײלע, בלייבט אין די אויגן פּאַרטאַיעט א מין אומעט, געמישט מיט בענקשאַפט: צו די שטובן, וואס זיי האבן אין די לאַגערן פאַרלאָזן, צו זייערע מענער און קינדער, וואס זיינען פאַרוואַרלאָזטע, אויף קיינעמס באַראָט, דאָרט געבליבן; יינגערע פלאַטערן איבער די חתנים, וואס זיי קענען איצט פאַרלירן און די, וואס האבן קיינעם און גאָרניט אין דער פאַראַבלאַטער וועלט, — זייער בענקשאַפט איז, דוכט זיך, נאך שטאַרקער. אפשר בענקען זיי נאך א נשמה, א ברו־דערלעכע, וואס זאל מבטל מאכן דעם צער פון איינזאַמקייט? און אפשר גייט אויף אין זייער הארצן די הערמאָנונג פון א שיינעם טאג אין ווייטן עבר?...

א חוץ דעם בארג ליידן, וואס די חולאת האט אַרויפגעלייגט אויף אַלעמען, האט זיך נאך יעדער איינער זיינע באַזונדערע, היימישע דאגות.

— — — זאָל איך עסן? זאל איך ניט עסן?.. — ברומט, ווי צו זיך אליין, א בעסאַראַבער פרוי אין געבראָכענעם יידיש — עס איך, טוט וויי, עס איך ניט, טוט אויך ווײ... — פאַרענדיקט זי מיט א ניגון.

אוודאי מוז מען עסן! — עצה'ט איר די שכנטע פון דער רעכטער זייט — עסט מען ניט, איז מען באַלד אויס קאַפּעליוש = מאַכער. ווי זאָגט מען עס: א גוט מיטאָג מאכט פאַרגעסן אַלע צרות...

— אַ גוט מיטאָג „מ'שטאָגס געזאָגט" — וואָרטשעט צוריק די „בעסאַראַבקע," אַריינפּאַקנדיק דעם „קמץ" האַרט, ווו מען דאַרף ניט — אַלע מיינע צרות זאלן מיר אויסגיין צו מיין מאָגנס קאָפּ! ביי אים וועל איך עסן א גוט מיטאג... אנדערע „מאָגנען" ברענגען זייערע ווייבער פון כל = גוטס און מייגער, פאַרבריענט זאל ער ווערן, וועט אפילו צו מיר ניט קומען אויך...

די שכנטע דרייט זיך אוים פון איר א דערשראַקענע, הלמאי זי האט אַרויפגעפירט אויף אזא דראַסטישע טעמע.

ווי הייסט איר, מומעשי? — פרעגט און אנדערע בנעימותדיק, טראַכטנדיק בעת = מעשה, אז זי וואלט אפילו באַדאַרפן זיך ווענדן צו איר פער „באָבעשי", לויט יענערס אויסזען, אבער אויף דער קראַנקן = קאַרטע, איבער דעם נאָכט = שענקעלע, איז דייטלעך אנגעשריבן: 45 יאר.

יענע בלאָזט זיך אָן, ווי אַן אינדיק:

— ווי איך הייס, פרעגט זי, גלייך ס'וואלט ניט געווען אַנגעשריבן אויפן בלעטל...

— און אפשר קען איך נים לייענען?... — פרימאיעם זיך די שכנמע מעשה שאין יודע לשאל.

א א א... אזוי, איז שוין עפעס אנדערש — דערפרייט זיך די פארבימערטע פרוי און יעדער קנייטש אויף איר פנים נעמט קווענ פון דער אומגעריכטער אנטפלעקונג. — יעך הייס חנה, הייסעך... — מאכט זי וויסן מיט איר „קמץ" און דאס פנים נעמט ווידער אן דעם שטענדיקן, פארזויערטן אויסדרוק — הלוואי וואלט איך שוין אינגאנצן נים געהייסן, טאטע און קיינציקער אין הימל!..

— חנה איז זייער א פרומער נאמען, — זאגט ווידער די שכנטע געלאסן — אבער שעלטן אן אייגענעם מאן גאר און דערצו נאך אין א שפיטאל, ווו יעדער דארף געהאלפן ווערן, איז אוודאי נים קיין מצוה. און איבערהויפט, וואס ווילט איר פון אים האבן? זעט אוים גאנץ ליי־טיש, אהערגעברענגט אין שפיטאל, געזעגנט זיך מיט אייך, צעקושט זיך ביים אוועקגיין — וואס ווילט איר האבן? איי, זינדיקט נים, חנה... — האט זי איר געמוסרט.

חנה צעלאכט זיך. ס'איז איר גוט, אפנים, פון דער דאזיקער דע־רינערונג. און אפשר האט זי זיך גאר דערמאנט איר ווייטע, ווייטע יוגנט אין דער היימאט, צווישן סעדער? דאך, איז זי איינגעעקשנט:

— יעך וויל דען עפעס האבן? כ'וויל אים בלויז באגראבן, — זאגט זי צום גראם, צוהאלטנדיק בעת־מעשה מיט דער האנט דאס ארט, ווו ס'עגבערט דער ווייטיק. — הם, צעקושט זיך, זאגט זי; אוודאי קושט ער, נאר אז מ'דארף זשאלעוועט ער אויך נים קיין קלאפ. אזא פירעכץ ביי אים, אוועקפירן זאל מען אים. „שלאגן א ווייב, — זאגט ער — איז טאקע נים שיין, אבער ס'שאדט נים"...

די קראנקע צעלאכן זיך — ווער מיט א פול מויל, ווער מיט א האלבן... און פרייען העלא, וואס האט אויסטערלישע שמערצן, בעט זיך, מ'זאל אויפהערן מיט יענער צו טענה'ן, ווייל זי מוז לאכן און דאס מאכט איר אן צרות.

— אוך דא גיבט עס קיינע רוע!.. — זיפצט א ריזיקע, האמעטנע יידענע ארוים פון איר בעט — און נאך די „פריגל", וואס כ'האב באקו־מען פון דער מויד, איז דער האלבער קערפער ביי מיר, ווי געלייממט... — נעמט זי צום וויפלטן מאל דערציילן איר „קראנקן - געשיכטע".

— באלד איינגיכן דער אנדערער האלבער קערפער אויך, טאטע,

פאָטער אין הימל!... — פארגלאָצט חנה די אויגן צום ווייסן סופיט, ווײל נאך עפּעס זאָגן, נאר די שכנטע לאזט נים.

— פסט!.. חוסר דעה זייט איר, צי וואס, מיינע שונאים?...

— זיי מיין איך טאָקע — רייסט איר חנה איבער — אייערע און מיינע שונאים! ווייניק האבן זיי אונדז געברענט און געבראָטן — מיין קרענק האב איך דאך פון זיי באקומען... און דאס וועט „אָכלען" אונדזער ברויט, און נים דאַנקען גאָט דערפאר, נאָר „רוע" וועט עס נאך פארלאנגען.

— שטילער, חנה, וואס מיינט איר עפּעס? ווערט שוין די שכנטע אין כעס, בויגט זיך אריבער פון איר בעטל און ציט חנה'ן פארן ארבל — א יידיש קינד, א דייטשע יידישקע, „האלב = יודע"... — לייגט זי איר שטילערהייט ארויס איפן טעלער.

— יידיש, שמידיש, — ווײל חנה גאָרנים וויסן — יעד בין א פראסט מענטש, פארשטיי נים קיין פּאָליטיק, אוי = אוי = אוי = אוי, מאַמע געטרייע!.. — פאַרגייט זי זיך פלוצלונג, ווייל ס'האט איר אנגע= כאפּט ביי דער „קישקע" — יעד וויים נים אנדערש — ציט זי מיט א ווײנענדיקן ניגון — יידיש אהין, יידיש אהער: יעקע, בלייבט יעקע און מעג זיין פאר אונדז די כפּרה...

און, באמערקנדיק צוויי קראנקע מיידלעך אין אנדערן ווינקל פון זאל, וואָס לאַכן זיך איבער, צעשרייט זי זיך אויף א קול:

— וואס האט איר זיך צעלאַכט, ווי די שדים? מיין גרימעניש אויף אייך, „מאָרן", וואָלט אייך זיכער האס געלעכטער און בויך נים ארומגע= שפּרונגען.

און, צעלאָזנדיק זיך אויף דער העכסטער אקטאווע, — פארשטייט זיך, לויט די מעגלעכקייטן, שטארק באשרענקטע פון דער קראנקהייט, — האט זי זיך ערשט רעכט צעשריען:

— איר קאָנט מיך נאָכנים, יעכל אייך דאָ באָלד מאָכן אזא „בארעד= האבע", אז איר וועט פארשטימט ווערן, אז איר, אז יעד, אז יעד... אוי, די קישקע... די קישקע... — פארענדיקט זי מעשה „יידישער גזלן".

די מיידלעך זיינען צעטומלט.

— אז מיר האבן דאך גאָרנים אייך געמיינט; מיר האָבן אייגענע צרות און, ווײל מען זיך אין זיי פארגעסן, לאכט מען צוביסלעך — וואס האבן

מיר דען מערער? און איר שילט באלד. ס'פּאַסט דאָך גאָרנישט פאַר אַ פרוי אין אייערע יאָרן!...

— מיך וועט איר פאַר אַ פאַרנאַרטע ניט מאַכן!.. האָט זי ווייטער געוואָלט ציען איר מענה = לשון.

— שווייגט! — האָט פּלוצים איינע פון די קראַנקע זיך אויפגעזעצט אויף איר בעטל — דאָ שילט מען ניט, דאָ איז מען אַזוי אויך גענוג פאַרשאָלטן! און אויב דאָס וועט זיך נאָכאַמאָל איבערחזרן, זאָגן מיר דעם דאָקטאָר און איר ווערט גלייך אַריבערגעפירט אויף צימער 30, דאָרט וועט איר זיך רעכט גוט פילן. אַזעלכע צוויי רויזן ייִנגע, וואָס האָבן נאָך גאָרניט געלעבט אויף דער וועלט און ליגן צו ניין חדשים, צו צוויי יאָר אין די גיפּסן, וועט זי ניט לאָזן לאַכן און וועט זיי נאָך שילטן!.. ערשט נעכטן האָבן מיר געשמועסט וועגן דעם — נעמט זי אויפקלערן דער גייער, וואָס האָט מיט אַ שעה צוריק פאַרנומען דאָס איינציקע לערע בעטל — פרוי קאָרן האָט געטריבן קאַטאָוועס, הלמאי ביי אונדז איז אַזוי שטיל און פרידלעך: קיינער קריגט זיך ניט, ממש איינצושלאָפן, — גאָרניט ווי אין צימער 30... נו, ווייבער, האָט זי פאָרגעשלאָגן — אפשר וועלן מיר אַ פרווו טאָן — צעוויגן די מיילער אין אַ מחלוקה'לע, — גלאַט אַזוי, פאַר אַ נאָווינע!... אַזוי האָבן מיר נעכטן געהאַט אַ פאַרשטעלונג: אַלע ווייעדיקע נירן, מאָגנס, געגיפּסטע פיס און רוקנס, אפילו די קרעבסן האָבן זיך געטרייסלט פאַר געלעכטער. נאָר מיט דעם קריגן זיך איז עס גאָרניט געגאַנגען: ווייזט אויס, אויך אַ מלאָכה, ניט אַזוי לייכט, ווי ס'דוכט זיך... הכלל, מיר האָבן געמוזט אויסוויילן אַ דעלעגאַציע פון די „געזונטע" = קראַנקע (די, וואָס קענען אביסל אַרומגיין) און איינשטימיק באַשלאָסן צו שיקן איר צום „דרייסיקסטל" אויף קורסן. אַ נעכטיקער טאָג — ס'איז איצטער מער ניט נויטיק: אָט האָט „מאַדאַם" חנה ניט אויף קאַטאָוועס פאַרוואַנדלט אונדזער זאַל אין אַ „דרייסיקסטל"...

ניין, קיינער קען ניט בײַשטיין איר קלינגענדיק קול'כל און דעם וויציקן אופן פון דערציילן. אַ, זי קען פריילעך מאַכן, דאָס ייִנגע, שיינע ווייבל, וואָס פאַרמאָגט זעלטן בלויע „ניט = פאַרגעס = מיך" = אויגן מיט פלאַטערנדיקע וויעס, אַ שלל אָנגעקראַטן, און אומבאַוווסטע צאָל גאָל = שטיינער און נאָר איין ניר אויף צו באַדינען דעם שוואַנקנדיקן מאָטאָר פון איר לעבן.

ווער ס'לאַכט הילכיק, ווער שטיל, אין זיך, ווען עמען די ווייטיקן דערלויבן צו שמייכלען בלויז מיט ליפּנווינקלען, אַזוי קרום און אַסימעטריש, ווי ס'קרייציקן זיך, אָן אַ באַשטימטער ריכטונג, די ווייטיקן אין זייערע לייבער,

פאַרוועלקטע און אויסגעזויגענע פון קראַנקייטן, צומיינסט איבערבלייבע־
נישן פון קאַצעטן און מלחמה.

נאָר אַמהילכיקסטן לאַכט די „נייע", ניט אַכטנדיק גאָר אויף דער
דינער שפּיז, וואָס וויל, דוכט זיך, צעלעכערן ביי איר דעם האַנט־געלענק.

— געמיינט, אין שפּיטאָל קען ניט געמאָלט זיין קיין לצנות, קיין
לאַכן! — אַז מ'שטעקט ניט הערין מיט אייגענעם לייב־און־לעבן —
טראַכט זי — פאַרשטייט מען אַלץ קאַפּויער.

איצט הויבט זי עס אָן צו באַגרייפן: אַלע מעגלעכקייטן פון געניסן
דאָס לעבן, וואָס זיינען על־פּי דרך הטבע געגעבן געוואָרן צו יעדן בן אדם,
עקזיסטירן פאַר די איינוואוינער פון דעם ליידנס־הויז בלויז אין טרוים.
שמייכלען, לאַכן — דאָס איז נאָך דער איינציקער אָפּקלאַנג, דער איינציקער
זילבער־פאָדעם, וואָס בינדט זייער וועזן צו אַ ווייטן, ווייטן חלום פון
אַ נאָרמאַלן און געזונטן לעבן, וואָס איז אַמאָל געווען זייער אייגנס. היט
מען אוים אין זיך דעם זוניקן איבערבלייב, דאָס איינציקע, אויף וואָס מען
קען זיך מאָמענטנווייז הערלויבן און מ'אָטעמט אריין הערין די גאַנצע בענ־
קשאַפט, דעם דראַנג צו גענעזונג, צו אַ פולבלוטיק לעבן פון געזונטע
מענטשן, וואָס דאַרף ווידער ווערן זייער אייגנס...

* * *

טייל קראַנקע זיינען איבערפרי מונטערער, פרישער, איבער אַנ־
דערע שפּרייט זיך די מאַטקייט נאָך שלאָפלאָזער נאַכט, וואָס ציט זיך,
ווי אַן אייביקייט.

פרוי בערגמאַן, אַן אַנגעטוענע, דאָס בלויע קאָפּ־טיכל אויפן שפּיץ
קאָפּ פאַרהויבן, דרייט זיך זשוואַווע אַרום צווישן עולם, גרייט יעדן מיט
עפּעס צו דינען. איר קרענק איז שוין אַ „געוועזענע:" געווען אָפּערירט
און היינט פאָרט זי אַהיים אַ געזונטע. זי האָט נאָך, אמת, אויך אַנדערע
גרימעניש, נאָר ס'לוינט ניט, זאָגט זי, צו מאַכן דערפון אַ וועזן!...

דער פּאָפּראַוועט דאָס געלעגער, און אַנדערער דערלאַנגט עפּעס
אַ נייטיקע זאַך, אַ דריטער אַ גוט וואָרט: פאָרען זיך — דאָס איז איר
חיות; טויט־קראַנק קען מען ווערן — זאָגט זי — פון ליידיקגיין!

58 ניט אַבי־וואָסערע יאָר טראָגט זי אויף אירע נאָך גאָר סטאַט־
נע פּלייצעס, נאָר ניט זעלטן קען זיך דוכטן, זי איז ניט עלטער פון דער
בעסאַראַבקע: געציילטע גרויע האָר אין אירע שלייפן־ווינקלען — און די דין־

דיגע קנייטשן אויף איר ברויגהויטיקן פנים, שיינען גיכער צו זיין אויס־געבערענט פון זון און ווינטן, ווי פון צרות און יארן.

פאַפּראַוועגדיק דאס קאָפּ־טיכל, וואס איז פארקראָכן אין א זייט, בויגט זי זיך איבערן בעטל, וווּ א יונגע פרוי ליגט איינגעמויערט מיטן גוף אין גיפסענעם פאַנצער און שטיל, ניט צו שטערן די אנדערע קראַנ־קע, דערציילט זי וועגן דעם טייל פון איר געזינדל, וואס האט אין רוסלאנד געראטעוועט זיך פונעם חורבן. זי דערציילט וועגן די צוויי אייניקלעך, דעם צוואנציק־ און 18־יאריקן, א בחור און א מיידל, — וואס זיינען אוועק מיטן גיוס און ס'איז ניטא פון זיי קיין בריוו...

דאָך פארציווייפלט זי ניט, פרוי בערגמאַן, דאס איז ניט איר טבע: — גאָט איז אַ פאָטער! — זאגט זי — אז ער האט איר גע־האלפן, וועט ער שוין מסתמא העלפן דעם גאנצן פאלק ישראל: א קלייניקייט, אזא פעקל, ווי דאס איריקע? געקענט סטייען פאר א פינף געזונטע יעקעס, וואס ווילן צאַפּן אונדזערע בלוטן. גוטע דריי שעה האבן זיי ביי איר געארבעט, טייערע בעל־מלאכה'ס — זי מיינט, די דאָק־טוירים, דער אין הימל זאל שטארקן זייערע הענט אויך ביי אנדערע קראַנקע און בענטשן זיי מיט הצלחה!...

די יעקישע ארצטן האבן געטענה'ט: — א שאָד צו אָפּערירן! — סייווי א פארפאלענע, הייסט עס... מ'לאכט זיך אויס פון זיי! אז מיר האבן אזעלכע ספעציאליסטן, וואס האבן אין די בונקערס, אין די וועל־דער, אָפּערירט מיט בריטוועס אין די אָפּעראַציעס זיינען אדורך בשלום — מיט אזעלכע קען זיך יעקע ניט פארגלייכן.

— אפשר אייך עפעס דערלאנגען? — כאַפּט זי זיך פלוצלונג — ס'הארץ קען פארגיין פון ווייבערישע פלוידערייען. עד, א יידענע, א יידע־נע!... — מוסרט זי זיך פארלעגן, ארומנעמענדיק די יונגע פרוי מיט גוטע בליקן — ס'טוט וויי, אַ?...

— ניין — זאגט די קראַנקע — אז איר רעדט אזוי, טוט איג־גאנצן ניט וויי: ער ליגט זיך, דער גוף, ווי ניט אים מיינט מען...

זי וואלט נאך געקענט זאגן, ווי זייער דער שמייכל אויף דעם ברוינעם פנים פון דער פרוי, וואס לאזט זיך ניט בייקומען פון קיין צרות, דערמאנט איר וועגן דער אייגענער מוטער, וואס איז פריצייִ־טיק פארשניטן געווארן פון די רוצחים...

* * *

א שטיק קלאָרער הימל קוקט אריין דורכן פענצטער, גלייך ער זאָל אין די פילע אויגן זוכן אַ שותּף צו זיין בלויקייט...

דאָס מיידל, וואָס איז מיט אַ שעה צוריק אַריינגעפירט געוואָרן אויף אַ טראָג־בעט און אַוועקגעלייגט אויף איר געלעגער, קוקט אויף דער בלויקייט, וואָס שפּרייט זיך אינדרויסן, ווי אַ שטיק חוזק און זוכט מיט עפּעס צו פאַרשפּילן דעם געדאַנק, בכדי ניט אַרויסצופּלאַצן אין אַ געוויין צווישן אַזויפיל פרעמדע מענטשן.

— האָסטו עלטערן?... פרעגט איר אַן עלטערע פרוי פון שכנות־דיקן בעטל.

ס'מיידל שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

— און דער בלאָנדער יינגערמאַן, וואָס האָט זיך ביי דיר גע־פּאָרעט, ווען מען האָט דיך אַריינגעבראַכט — אַ ברודער אפשר? — פּרוּווט ווידער דערגיין די פרוי, זיך איינקוקנדיק אינעם מיידלס בלאַנד־קייט.

— אַ פרעמדער... — שלוכצט אויס דאָס מיידל.

ווייבער ווינקען צו דער אַלטער פרוי, גיבן איר צייכנס מיט די פינגער, זי זאָל אויפהערן; צו שפּעט: זי וויינט, דאָס יונגע מיידל, דעם קאָפּ אין קישן איינגעגראָבן, ווי ס'קענען נאָר מיידלעך אין איר עלטער.

ווי זי וואָלט מיטאַמאָל יינגער און געזונטער געוואָרן, שפּרינגט די אַלטע אַרויס פונעם בעט און זעצט זיך אַוועק ביי יענער, גרייט צום טרייסטן. לייגט אַוועק איר אָדערדיקע, צעקנאָדערטע האַנט אויף דער צעוויכערטער בלאַנדקייט, וואָס צוקט אינעם שלוכצן, און:

— ניטע, — זאָגט זי — מ'דאַרף ניט, קינד; דאָס איז אַן ענין פאַר געזונטע, אַ קראַנקע טאָר זיך ניט צולאָזן; אַז וועסט ניט וויינען, וועט זיך שנעלער אויסהיילן ביי דיר דאָס פּיסל און מיט גאָטס הילף וועסטו אינגיכן קענען טאַנצן אויף דיין חתונה...

דאָס מיידל האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פונעם קישן, דאָס פּנים צעשמייכלט דורך אַ לעצטער טרער, וואָס הענגט נאָך אויף די ברעמען.

נאָר מיטאַמאָל — אויס קינד: רואיק, געלאַסן און רעזיגנירט, ווי אַ דערוואַקסענע, נעמט זי דערציילן.

— רייזעלע! — האָט געזאָגט צו מיר די מאַמע צוויי טעג פאַר

א גייער אקציע — דו זעסט אוים, ווי א שיקסל, אנטלויף און גאָט איז א טאטע!...

— גיטע, גיטע!... — פרווט איר איבעררייסן די אלטע, נאר יענע רעדט ווייטער, ווי א פלוצימדיקער, אינערלעכער מוז, זיך אויסצורײדן, וואלט בייגעקומען איר פארקלעמטקייט:

— זי האט מיך באשווירן און איך האב געפאלגט: כ׳בין אנ־טלאפן... אלע זיינען זיי טאקע אומגעקומען, אויך מיינע שוועסטערן מיט קינדערלעך קליינע. און איך, איר זעט דאָך, כ׳לעב — אויף צעפיקע־ניש זיך אליין, אויף געהאקטע וואונדן... צוליב מיין בלאנדקייט. גאכוואס? נאכוועו? — גיט זי א צוק מיט די אקסלען. אין איר קול איז גיטא קיין בונט, בלויז קילע רעזיגנאציע, א מין טרויער, וואס זוכט נאר בא־שייד, וויל באגרייפן...

* * *

גוטמאָרגן, יידישע קינדער!... — קאַטשעט זיך אריין א דיק, שווארץ ווייבל, געפירט פון אַ מאַנסביל. פון די אָכצעגישן און „טאַטע־פאטערנישן” איז צו זען, אז איר „פעקל” איז ניט פון די קליינע. דאָך איז איר דאס קרעכצן אפנים דערווידער און זי דערטרינקט עס אין דער בארײדעוודיקייט, — כאָטש לייכט קומט עס איר אויך ניט אָן ביי דעם הויכן פיבער.

— קוקט מיך אָן, יידישע קינדער: איך הייס ביילע, ביילע.—דאָס איז אמאל געווען א פירמע, איר מעגט זיך פארלאזן! אפילו מענער האבן געוווסט, מיט מיר טאָר מען ניט אנהויבן, ווייל כ׳קען דערלאנגען אַ פליאַסק, יענער זאל זיך זען מיט דער עלטער = באָבע. נאָר כ׳האב ניט אויסגענוצט מיין גבורה אויף שלאָגן, חלילה — וואס בין איך עפעס אן עשו? ארבעטן, האָרעווען — דאס יאָ, א טאָפ הירזש ארייגריפען — אויך... די בידע, פארשטייט איר, האט ניט אפגעלאזן, ס׳שטיקל ברויט האב איך ווי אן אבן = טוב געהיטן — פארן מאן, פאר די קינדער זאלן לעבן — תמיד געווען איבערקלייבערישע. און איך האב זיך ניט געקרעקט מיט קאַשע, מיט אַ שיסל קאַרטאָפל: אַבי אנגעשטאָפט די קישקע — כ׳זע עפעס שלעכט אויס?... — פלעג איך זאָגן. אז כ׳האב זיך אוועקגע־זעצט ביי דער אכילה, האבן די שכנטעס ניט איינמאל מיך געוואָרנט: — ביילע, וועסט דאָך פלאצן!... און איך — גאָרניט, ווי ניט מיך מיינט מען — אינמיטן עסן בין איך ניט מפסיק. ˇערשט, אז כ׳האב געענדיקט און אוועקגעשטעלט די לערע שיסל, האב איך זיי בארואיקט: — דאנקט

ניט, יידישע קינדער, ביילע וועט ניט פּלאַצן! — און איצט, קוקט אָן א מעמד...

און ליגנדיק שוין אין בעט, א פאַרמאַטערטע פונעם אויסטאָן זיך, פון יסורים, האט זי דאָך ניט אָפּגעלאָזן:

— הקיצור, יידישע קינדער, כ'בין אָפּערירט געוואָרן אין א דייטשן שפּיטאל; אראָפּגענומען די ברוסט, מאַכט זיך ווידער א מעשה מיטן אָרעם: געשוואָלן און שוואַרץ ביזן עלנבויגן. און יסורים, מאַמעלעך מייַנע, ניט צום אויסהאַלטן!... בין איך אַנטלאָפן פון דייטשן שפּיטאל און געקומען אַהער — שטאַרבן צווישן יידן. נייַן, אַנטאָן אזא תענוג די יעַקעס, זיי זאָלן זען, ווי א יידיש קינד שטאַרבט אין געהאַקטע ווונדן? דאס ניט... ליבער שוין שטאַרבן אין יידישן שפּיטאל, צווישן יידן...

נעמט מען איר טרייסטן, אז זי וועט באַשטימט געזונט ווערן, אז זי זעט בכלל ניט אויס, ווי צום שטאַרבן...

— וואס איז סטראַשנע? — לאַכט זי זיך גאָר אויס פון אירע צרות. — מער, ווי איינמאל מאַכט מען דעם טאַנץ ניט מיט און איינמאל מוז מען...

א ווייַלע ליגט זי שטיל, אַן אויסגעשעפּטע און לאָזט אַריבערגייַן איבער זיך א נייעם שטראָם פון יסורים.

דערווייל איז דער דאָקטאָר געקומען, אונטערזוכט די קראַנקע און אַרוים פון צימער, אַריינשיקנדיק די אָבערשוועסטער ראַזענאַטע מיט א רפואה.

די קראַנקע האט געגאַפט אויף דער נאָנע, וואס גיט איר טראָפּנס צו טרינקען. און אז יענע איז אַרויס, שאָרכנדיק מיטן שוואַרצן, ברייטן קלייד און פלאַטערנדיק פרום מיט די ווייסע פליגל פון איר הייבל, האט ביילע ראַפּטעם זיך אויפגעזעצט אויף איר בעטל.

— יידישע קינדער! — האט זי אויסגערופן, גלייך א נייער כוח וואָלט פלוצלונג בייגעקומען אין איר די שוואַכקייט — איך שטאַרב ניט! געמיינט טאַקע צו שטאַרבן צווישן יידן, אבער, וויבאַלד דא זייַנען אויף דייטשע שוועסטער, מוז איך שוין לעבן — א מכה וועל איך זיי שטאַרבן!... נייַן. דעם פאַרגעניגן זיי אָנטאָן בין איך ניט מחויב. פאַרפאלן — אזוי איז שוין מסתמא ביילען באַשערט!...

* * *

אָוונט. די שבת־ליכטלעך, וואס מ'האט, ווי אלע פרייטיק צו־

נאכט'ס, געבראַנגט א „מתנה" יעדן ווייבל, גלימערן אויף די נאכט=שענקעלעך מיט געל=גרינלעכע פלעמלעך... די פרומע פילן זיך דערפון עפעס לייכטער, ווי אויסגעטאָן פון די וואָכעדיקע שטעכעניש=ברעכעניש. אויך די ניט=פרומע פילן זיך אזוי ווי דערהויבענער אין דער אלגעמיינער ערב=שבתדיקער אטמאָספער — נשמה=יתרה'דיקער...

אָבערשוועסטער ראזענאטע, די איינציקע פון דייטשן פערסאָנאַל, וועלכע איז „צום דערליידן", האט געמאכט די לעצטע איינשפּריצונג פארן פארענדיקן דעם דיזשור, און ארויס פון צימער, ווי א גרויסע שווארץ=ווייסע פליג, זשומענדיק מיטן שטייפן אנטועכץ.

דאס שיינע ווייבל מיט „גיט=פארגעס=מיך"=אויגן, באווייזט זיך אין דער געעפנטער טיר, דאס האנטוך אריבערגעווארפן איבערן אקסל, די הענט באלאדן מיט זייף, ציין פאסטע און בערשטעלע.

איר פנים איז בלאַס=בלוי, אָן אַ בלוט=טראָפּן, די אויגן — עטוואס אויסגעלאשן אין דער ראם פון פארבלאזן פנים.

— איז אייך אפשר שלעכט געווארן? — דערשרעקט זיך די „נייע". זי ליגט ביים פענצטער, פונקט אנטקעגן דער טיר און קען גענוי זען די פלוצימדיקע מאַטקייט אויף פרוי ראָזענס פנים.

— ניין! גארניט ערגער, ווי תמיד. פארוואס מיינט איר?... — וואונדערט זיך יענע.

— אזוי... איר זעט עפעס אויס אביסל בלאסלעך אויפן פנים.

— דאס גאָר?... — צעטרייסלט זי דעם קאָפּ און געלעכטער און א ברוינער לאָק פארלויפט איר אויפן שטערן. — איר ווייסט דען ניט, אז מיין געזונט ליגט אינעם זעקעלע?... ווארט א ווייליקע, באלד וועל איך ווידער זיין „געזונט און פריש" — און משוגע... — איז זי תמיד גרייט זיך צו וויצלען.

— איר מאכט עס אבער גוט! — שטאמלט די „נייע", אביסל פארלעגן צוליב איר אומבארעכנטער זארגפעלטיקייט. — געווען זיכער, אז די טונקעלע ראזקייט אויף אייערע באקן איז נאטירלעך...

— ווער האט באשטעלט איינע ווארם=פלאשע? — רופט די „צעהושטע" שוועסטער, ארייגפאלנדיק טריומפירנדיק אין צימער מיט די צוויי ווארעם=פלאשן אין ביידע אויפגעהויבענע הענט, ווי טראָפּייען.

— דאס איז פאר מיינע חשובע גאַל=„בריליאנטן"... — ציט פרוי ראָזען אויס די האנט נאָך איינס פון די „טראָפּייען"

— און די אנדערע וועם געהער?... — וויל די שוועסטער דערגיין דאס סאמע ווינטיקסטע.

קיינער ווענדט זיך ניט.

זי חזרט נאכאמאל איבער די פראגע.

קיין פיפס.

אבער די שוועסטער געהערט ניט צו די „נאכלעסיקע;" ביי איר האט מען ניט געפועלט, זי זאל ארויסגיין מיט דער פלאש, ווי קיינמאל גארניט, באשר — ס'געפינט זיך ניט אויף איר קיין בעלן... גיין. ניט ביי איר טעמפקייט קען געשען אזא מין פליכט-פארלעצונג!... זי וועט שוין דווקא ארייגפאקן עמיצן דאס גוטע „דינג".

— ביטע! — ווענדט זי זיך ערנסט צו דער „נייער", דער-לאנגענדיק איר דעם חפץ.

— אבער איך דארף איר גארניט האבן; ניט איך האב דאך געבעטן — פיליכט אין יענעם צימער...

די שוועסטער וויל דאס ניט וויסן:

— נעמען זי, אום גאָטעס ווילן, דאָס מאַכט דאָך גוט!...

— אבער וויסן זי, מיר טוט דאך בלויז ווי די האנט, איך האב גארניט קיין לייב-שמערצן, — ווערט זיך די קראנקע, פארוויילט פון דער טפשות, און שטיקט זיך בעת-מעשה, צוגלייך מיט אלעמען, פאר געלעכטער.

דאָך, דאָך — עס מאכט ניט — הויבט יענע געניט אויף די דעקע און שטופט איר די בלעכענע, הייסע פלאַטשיקייט אויפן בויך.

— איך בין פרווינטליך, אימער פרווינטליך, אבער, אז א קראנקע גע-הארכט ניט, קען איך ווערן רעכט בייז... — איז זי טאקע ערנסט און די „נייע" פילט באשיינפערלעך, אז אָט, אָט וועט זיך צעשפילן אין איר די דייטשע יובע...

פון איר זייט וואלט די קראנקע נאך גערן פארצויגן אביסל די סצענע, ווייל ניט נאר איר, דעם גאנצן עולם ווייַלט דער ספעקטאקל.

אבער א ריזיקע לאַך-באַמבע רוקט זיך אָן אויף איר און דראָט מיט אן עפנטלעכן אויסברוך.

— נאַ, גוט. — זאָגט זי צו דער שוועסטער — איך וויל אינען ניכט קרענקען — און נעמט צו די ווארעם-פלאַש.

— איסט שאָן רעכט — איך ווסטע דאָך, זי זינט יאָ גוט! — פאלט זי אריין אין קעלבערנע התפעלות.

מיט לייבטע טריט, ווי ס'וואלט אפגענומען געווארן א היפש ביסל וואָג פון איר פלעגמאטישער שווערקייט, א צעשטראלטע, וואס זי האט אזוי מאדללאָז דערפילט איר פליכט ביים אויפקעמען דאס „בבול", פאר־לאזט זי דאס צימער אין דער געלעכטער־באגלייטונג, וואס קומט פון קנאפע צוויי מנינים מיילער...

ניין, קיינער פעלט ניט, דוכט זיך, אין דעם אלגעמיינעם לאַר־אַרקעסטער, — אפילו הינט די בעסאַראַבער שליסט א בונד מיט אלעמענס פריילעכקייט אין יער זעלטענער מינוט.

דאָך — ניט אלע לאַכן: די דייטשע יידישקע, וואס האט די גאנצע צייט געדרעמלט און איז וואך געווארן ערשט ביים סוף פון ספעקטאקל, בלייבט קאלט אין דער אלגעמיינער צעוואַרעמטקייט. גע־דעמפט, פול ווירדע, שטייגט איר קול אויס די טיפענישן פון איר באַ־לייבטקייט:

— נא, יא, ניט אזוי אינטעליגענט, ווי מיר, יודן; אבער איך פינד זי גאנץ נעט: דאס פליכטס־באוווסטזיין איז ביי איר שטארק אנטוויקלט. איך מיין, זי קאנטע דאָך אייגענטליך ניכט ווייסן, אז די דאמע האט קיין ווארם־פלאַש געזוכט...

גאר אייגזעענדיק, אז זי רופט ניט ארויס קיין אפלאוז מיט אירע ווערטער, ענדערט זי פלוצים דעם טאָן:

— גאר האסן, האסן זיי אונדז אלע, אפילו די בעסטע האבן אינגרז פיינט. מיר, יודן, זיינען ביי זיי, ווי א דאָרן אין אויג. דערפאר טאקע, ווי איך בין צום באוווסטזיין געקומען — איך בין דאך מיט געהירן־אנט־צינדונג אין דייטשן שפיטאל געלעגן, פון די „פריגל" — האב איך גלייך געבעטן, מיך אין יידישן שפיטאל איבערפירן.

— גיץ גיע פּאָוויעדזיאלא! — שטעלט פעסט פרוי ראָזען אין פויליש, וואס דאס מיינט, אז מ'דארף איר ניט ענטפערן.

ס'ליגט אייגנטלעך א טיפע טראגיק אין דער מחיצה, אין דעם תהום פון אומפריינטלעכקייט, וואס שפרייט זיך צווישן איר, דער דייטשע יידישקע אין דעם איבעריקן קראנקן־עולם.

ס'העלפט ניט דאס דעמאנסטרירן ביי יעדער געלעגנהייט איר האס צו די דייטשן און דאס אונטערשטרייכן אלעמאל אויפסניי: — „מיר, יודן!" און אפילו ניט דאס כסדרדיקע דערמאנען דעם קאצעט און דאס באווייזן פון צייט־צו־צייט דאס לייב, מוראדיק צעשניטן פון ווונדן, אייביקע צייכנס פון „אויבער־חיה'שער" רשעות, וועלכע

האט ביי איר, דער דייטשער בירגערין פון משה'ס גלויבן טאָג־טעגלעך געפּאַסעוועט דאס לייב־ און ־לעבן.

אויך העלפט איר ניט די עכט־דייטשע אונטערטעניקייט און חניפה, מיט וועלכער דאס פאלק איז גרייט צו פאלן כורעים פאר יעדן, בעת ס'געפינט זיך „אונטער דעם וואגן".

אפשר איז עס די עכט־דייטשע מענטאליטעט פון דער פרוי, וואס מאכט איר היומל־וויט פון די איבעריקע קראנקע.

די דאזיקע אומפריינטלעכע מחיצה איז אייגנטלעך עפּעס זייער טרויעריקס און ניט יושרדיקס, אבער עס לאזט זיך אין קיין פאל ניט באזייטיקן און אפילו ניט איבערווינדן. און זוכנדיק פאר זיך אליין דאס צו בארעכטיקן, וויל מען זיך איינריידן, אז די פרוי איז בכלל ניט קיין יידישע...

ס'ריידן אויך אנדערע אין פרעמדע שפּראכן: ווער פּויליש, ווער רוסיש אדער רומעניש. דאך זיינען זיי אלע — יידן און קיינעם פאלט ניט איין צו שטעלן אונטער א פראגע־צייכן זייער נאציאנאלע צוגע־העריקייט. אבער די דייטש־יידישע פרוי איז פרעמד פון קאָפּ ביז די פיס און איר לייב, צעפּאַסעוועט פון די רוצחים, רופט בלויז ארויס דאָס געפיל פון א מין אומפערזענלעכן רחמנות, אָן א ברעקעלע סימ־פּאטיע פאר דער פרוי, וואס בלייבט איינזאם מיט איר בינטל צרות.

— יעדנאָק פּשעטשעזש זשידוווקאָ!... — פּרוווט די „נייע" ארויסקריגן פון זיך און פון אנדערע א שמץ פון צוגעלאָזנקייט צו דער „פרעמדער".

— דערפאַר, וואס זי זאגט אזוי?... איז פרוי ראָזען אלץ מבטל און די „נייע" גיט אויף איר גוטע כוונה.

איצט ליגט זי, פרוי ראָזען, אן אויסגעפּוצטע אויפן קישן: דאס „געזונט", וואס זי האט פאר דער צייט ארויסגעכשופט פון עם „זע־קעלע", שפּראָצט פון אירע באקן, די אויגן־דעקלעך מיט די זיידענע וויעס האָבן ווידער לוסטיק איבער אירע בליקן, און דאס פיינגעשניצטע, צוגעשמינקטע מויל, וואס קוקט זיך איבער אינעם שפּיגעלע, צוקט א ווייַלע אין טרויעריקן שמייכל.

זי לאזט אראפּזינקען די האנט מיטן שפּיגעלע און פארמאכט די אויגן.

אינדרויסן, אונטער די גרויסע פענצטער, קייקלט זיך אלץ דאס,

וואס ווירבלט און מיניעט און לאָקט מיט די פארשיידנסטע פארבן, מיט אלערליי ריחות און קלאנגען פון א מאייקן אָוונט.

מענטשן שפאנען האסטיק איבער גאסן, דאס פנים אויסגעשטעלט אויף מילדן, פרילינגדיקן ווינטל. מענטשן גייען אין גערטנער, באזוכן קינאָ, טעאטער, קאָנצערטן, דערליידיקן א וועלט מיט כלערליי ענינים — גרויסע און קליינע, נויטיקע און אומנויטיקע, אנגענעמע, פריקרע און גלייכגילטיקע.

דרויסן, הינטער ווייסע מויערן, הערלעך און גרויזאם, שפּרייט זיך די סימפאָניע פון לעבן...

ערגעץ, אין א צימער, שטייט דער קלאַוויר, וועמענס קלאַווישן זי האט אזוי לאנג ניט באריר מיט די פינגער...

ערגעץ, אין גאס, צי אין א צימער — פונוואנען קען זי דאס וויסן? — לעבט זיין לעבן דער מאן, וועמענס קאָנווענציאָנעלע קושן זי געניסט איצט נאר אין דער באַוואוסטזיין, בעת זיין קומען און אוועקגיין...

עמיץ אויקעט שטיל אין שכנותדיקן בעטל. עמיץ ברומט א ליד, וואס פארוועבט דאס צימער אין טרויער.

— — — לעבן! — רייסט זיך, צאפּלט מיט אלע פיבערן אין פרוי ראָזען די נשמה — נאך איין מאל טרויערן און פרייען זיך מיט דער קלענסטער געשעעניש, נאכאמאל שפּילן אויף קאנצערטן און פילן ארום זיך דעם מענערשן רינג פון א געליבטן ארעם...

ווידעראמאל האבן א סך דאגות — א חוץ דער איינאייניציקער: די קראנקהייט.

ווידעראמאָל — ל ע ב ן ! . . .

# דו...

באַגעגנט האָב איך דיך, ווי אַ סך יידן באַגעגנען זיך הייַנטיקע צייטן: אין וואַנדער.

— — — דו, ביז יענעם טאָג אינגאַנצן פאַר מיר אַ פרעמדער, און הייַנט — אַזוי אייגן, מיט פעדים פון ליבשאַפט געבונדן...

לכתחילה האָסטו אינגאַנצן פאַר מיר ניט עקזיסטירט אין דער מענטשן - גרופע, וואָס איז אָקאָרשט געהאַט אָנגעקומען אינעם דורכ- גאַנגס - לאַגער: געזען בלויז דאָס קינדעלע ביי דיר אויף די הענט, ווי ס'פאַלט צו צו אַ טעפעלע וואַסער און טרינקט, האַסטיק, זשעדנע — ווי אַ דערוואַקסענער, ניט אָפּלאָזנדיק פון האַנט דאָס טעפל.

ביז כ'האָב איינגעגאָסן פון מיין פלאַש אביסל טיי, — איך, נעכטן אַ געקומענער, אין „אויסגערוטע" און „באַזעסענע" אין לאַגער — האָט דאָס קינד שוין געהאַט אויסגעשלוקט דאָס וואַסער ביזן לעצטן טראָפּן און אויסגעצויגן גיריק די הענטלעך נאָך דער טיי, וואָס כ'האָב זיך גע- איילט צו דערלאַנגען אין אַן „אימפּראָוויזירטער" כלי, דוכט זיך, אַ פושקעלע פון קאָנסערוון.

און ווידער האָט עס געטרונקען, דאָס קליינע מענטשעלע, מיטן אויסדרוק פון געשפּאַנטער התמדה אויפן פּנימל און אפילו אין די הענט- לעך — קראַמפּהאַפט געקלאַמערט אַרום דער פושקעלע מיטן זיסן געטראַנק.

דאָס קינד האָט פּשוט געזונקען אין אַ מין מתיקות'דיקער קאָנ- טעמפּלאַציע. נאָר די ווייטיקדיקע גרימאַסע, וואָס האָט, בעתן טרינקען,

מאָמענטנווייז דורכגעקווערט די צאַרטע שטריכן, האט באשיינפערלעך אויסגעדריקט מורא, ואז א ליאדע מינוט קענען עפעס אומבאגרייפלעכע געזעצן פון די דערוואקסענע אָפּרייסן פון זיינע ליפּן דאס טעפּעלע מיטן אויסגעבענקטן געטראַנק, איידער דער לעצטער טראָפּן וועט אזוי מחיה'־דיק ארייננפליסן אין זיין העלדזל.

— וואקסט א שכור, מיין זון?... — האסטו געפּרוווט זיך וויצלען, אביסל פארלעגן צוליב דעם, וואס דער בחור'עץ לערט אוים די טיי־פלאַש, דאס אייננטום פון מיין קליינער מיידעלע.

נאָר איך האב ניט געקענט זיין פריינטלעך, אָפּענטפערן דיר א גוט וואָרט, ווייל א פאַרדעכטיקע פייכטקייט האט געקוועלט מיין אויג און איך האב איצט געהאט איין דאגה: ניט לאזן איר, דער פייכטקייט, פאר עמיצן אין די אויגן, פארפלייצן מיין פּנים...

אין דיין קינדס דורשטיקייט, אין זיין לעבצן נאך א קאלטן טרונק, האב איך בולטער דערזען אונדזער אלעמענס גורל, פון נעכטן און פון מארגן: איז דאך ערשט מיט א טאג פריער מיין טאָכטערל, ווי א באנוי־מענע, צוגעפאלן צום קילן קוואל אין דער פּושקעלע, פונקט ווי דיין זון, ניט אָפּלאָזנדיק די קליינע הענטלעך פון דער כלי. וועט דאך מאָרגן זייער בענקשאפט ווידער זיך ציען צו א בידנעם טראָפּן פליסיקייט, וואס האט אין זיך אלע טעמים פאר א דורשטיקן גומען.

נאר באלד איז געקומען חנה'לע, דיין פרוי, וואס איז געהאט אַוועק, איינצושאפן אביסל טיי פארן קינדעלע און מיינע טראכטעניש האבן זיך ערגעץ ־ ווו פארלוירן.

א צייט ־ לאנג האבן מיר שוין געהאלטן זיך צוזאמען. אפּווארטנ־דיק נייע נסיעות, האבן מיר געוווינט אין איין פאַלאַטקע, ווו איינס פארן אנדערן פלעגט עפענען דאס הארץ, — הוילע ביטערניש צוליבן חורבן...

אין שלאָפלאָזע נעכט און פוסטע ־ פאסטע טעג האבן מיר זיך קעגנזייטיק אנפאַרטרויט א מענגע דערינערונגען פונעם עבר און געבויט פּלענער אויף דער צוקונפט, וואס האט געזאלט אנהויבן זיך פאר אונדז מיטן דערגרייכן דעם ענדציל אינעם וואנדער...

מיר פלעגן מיידן גרענעצן, בייטן צייטווייליקע ערטער און ווידער — וו א ר ט ן. און דער גרויסער, שטערנדיקער וואגן פון דער ,,בעריכבע" איז אויך געשטאנען אויפן הימל, — גרייט צו ווייטע נסיעות...

אוונטן זיינען געשטאנען טיף ־ בלויע און דורכזיכטיקע, ווי קריש־טאָלענע, פולע באַקאָלן, אָנגבאָטנדיק זיך צום טרינקען.

שטערן פלעגן ווינקען פריילעך, ווי קינדער־יארן, נאר אונדזערע הערצער זיינען געווען גלייכגילטיק צו אזא מין ווינקען. שטערן, הימלישע פייגל, פלעגן אויספינקלען א שיר־השירים. — — — — — אָ, ווי שיין וואָלט אַלץ געקענט זיין איגעם וואַנדער, ווען ניט דאס, וואס איז פאַר־גאַנגען און וועט צוריק מער ניט קומען, ווען ניט דאס, וואס מיר האבן פארלוירן — קיינמאל ניט צוריקצוגעווינען...

— — — אומענדלעך, דוכט זיך, האט געצויגן זיך די צייט פון ווארטן און דו האסט זיך באמיט צו פאַרקירצן איר מיט דיינע שיינע פלוידערייען.

די צייט איז געקראָכן אויף אלע פיר, און ניט מסוגל געווען מיט־צושלעפן אויף זיך דעם האָרב פון אונדזערע צערן.

בלויז דו איינער אין געזעמל פון דער קליינער גורל־משפחה — האסט זיך געמיט צו פארוואנדלען אונדזער טרויער אין א ליד פון ווערטער....

אָפּגעפּאָרעט זיך ביי די קינדער, פלעגן מיר, איך און חנהלע, רוען אויף די בעטלעך, אדער, אין שיינע אוונטן זיצן אויף דער „פריזבע" פון פאַלאַטקע, צי פון באַראַק — און דו פלעגסט דערציילן: איבער־לעבונגען, אייגענע, און סתם וווּנדער־געשיכטעס פון מענטשלעכן גורל...

— ווער רוימט דיר איין די אלע מעשה׳לעך?... — האב איך ניט פארהוילן פאר דיר מיין באוווּנדערונג.

— דער ווינט ברענגט זיי מיר צו טראגן אין די פאָלעס פון זיין מאנטל... הם, — דו ווייסט ניט? אייגנטלעך בין איך דאך א דיכטער — האסטו זיך געוויצלט — בלויז גאט האט מיר פארגעסן מיטצוגעבן א ברעקעלע טאַלאַנט אויף מיינע וועגן.

— — — האָ־האָ! וואס פארא דערציילונגען האב איך ניט אריינגענומען אין זיך דעמאלט, — בעת אונדזער צוזאמענזיין...

נאר — ניט שטענדיק פלעגסטו ריידן: טיילמאל, אז דער בין־השמשות איז אזוי באנג געפאלן אויפן האלדז די בלומען, פלעגט א וואָלקן פון שווייגן פארהילן פאר אונדז דיין געמיט.

אין אזא נאכט פלעג איך ניט חלומען, ווי אן אנדערשמאל, די שיינע ניכטערקייט פון דיינע רייד, נאר גאר דעם וואגזין פון שווייגן. און אפשר האט עס מיר ניט ווייניקער געזאגט, דיין שווייגן, ווי די שענסטע ווערטער?...

# ארום דעם פייער

האָ-האָ! ווי ס'פלאַטערט דאָס שטערנטוך פון דיין יוגנט!...

נאַכט... אויף בלויע הימל-שטריקעס, איילט לבנה, א גאָלדענע פּאַווע צו מעשה'לעך פון וואַנדער און שטערן גיבן איבער איינס דאָס אַנדערע דעם סוד פון שווייגן. אונטער זייער זילבער-צעצונדענעם בליק בליט אויף אַן אינזעלע אויף דר'ערד, וואָס ווימלט מיט אַלערליי קאָלירן און טענער...

— — — „ארום דעם פייער זינגען מיר לידער"...

די פאַרביקייט פונעם אַנטוועכץ באַקומט אין שיין פון פלאַקער וואַנדערבאַרע טענער, שוואַרצער, בלאַנדער האָר-אַרעאָל אַרום יונגע קעפּלעך באַגיסט זיך מיט צונטער און בליקן צינדן זיך, ווי טייכן אינטער זון-פאַרגאַנגען. געל-בלוי-גרין-פיאָלעט, פאַרכישופט אין צוויי פלעמלעך, וויגט זיך אין פנים'ער מיט צאַפּלדיקן שימער: איז עס דער אפשיין פון דער מדורה, אָדער האָט דער הימל אַראָפּגענידערט צו דער מחנה און שטערן איינגעפּאַסט אין זייערע אויגן?...

ס'איז גוט צו זיצן אַזוי אויף דער פּאַליאַנע און וואַרפן צום הימל מעלאָדיעס, אין פייער-זייל געלייטערטע...

וווּ ווײַלן זיי אַלץ, די טענער, וועלכע רעגיאַנען באַזוכט זייער עכאָ, איידער זיי פאַרקלינגען שפּורלאָז אין די ווייטן?... און אפשר דערגרייכן זיי דעם כסא-הכבוד פון עמיצן, וואָס אין די הימלען? אפשר פאַרנעמט

ער זייער ווי ־ געשריי, וואס קלאמערט זיך אין לעבן און איז זיי מגלגול אין א נייעם ניגון?... און צי איז בכלל פאראן אזא עמיק, וואס איז די אור־סבה פון אלטע און נייע ניגונים, פון דורות, וואס קומען און פארגייען?

אָ, דיר וואלט זיך וועלן אויף איינמאל אלצדינג וויסן, אלץ מיטא־מאל, אן שום איבערבלייבעכץ צעמאלן אין די מילן פון דיין אייפער... נאָר: נאָך א יאָר, נאָך צוויי יאָר, — מיינסטו — און דער אנגעהויפנטער בארג „פארוואָס'ן" און „וויאזוי'ען" וועט פארשווינדן און די וועלט וועט שטיין פאר דיר אן אפענע, אן שום סודות...

וויאזוי דאס וועט זיין איינדעראמתן, דאס זאלסטו ערשט שפע־טער, א זאטער מיט יארן, באגרייפן... און דערווייל — — —

.....„די נאכט איז טייער, מיר ווערן ניט מידער..."

שיין איז די נאכט, אָפן און פריי אינעם פעלד, ניט געפערטלט פון קיין מויערן... אויך די מענטשן זעען אויס פיל שענער.

שלמה... ווי וואונדערבאר ער קען דערציילן!... מיט זיין שילדערונג קען ער די נאכט אין טאג פארוואנדלען און אוועקטראגן איר אין ניט־געזאנטע וועלטן. און דאס מיידל מיט בלאנדע צעפ, וואס זיצט נעבן אים מיט א האנט אויף זיין אקסל, איז זי דען ניט באשאפן, ווי א טייל פון זיין וועזן?...

די נאכט טריפט פון בלויען בעכער טראָפנס טוי און ברענגט צו טראגן שטויבעלעך ריח פון נאכניט דערטרוימטן טרוים, צעפעכערט אויף פליגלען פון ווינט...

און דו שטייסט אינמיטן פונעם פארביקן קרייז, הארט ביי דער מדורה און הימסט, זי זאל זיך ניט פארלעשן: יעדע ווילע ציסטו ארויס א צווייג פון דער קוטשע, וואס דערנעבן און לייגסט איר באזאכט ארויף אויפן שייטער, ווי א כהן גדול, וואס טוט זיין עבודה.. דיינע ארעמס בא־וועגן זיך כסדר און די מדורה ענטפערט זיי אפ מיט התמדה, קנאקנדיק פרייילעך מיט די פייער ־ צונגען, ווי מיט קונדסישע בייטשן. אזוי שטייסטו אינמיטן פונעם געזאנג, א בעריאָזקעלע אין פעלד, און ווילסט דווקא דערגיין דעם סוד פון דיין גרינען...

„...ארום דעם פייער חלומות וועבן..."

נאר, ניט קענענדיק תופס זיין דעם סוד פון יצירה, פארדרענגסטו דעם רעיון אין איינעם פון דיין מח'ס באהעלטענישן און נעמסט דיר וועבן דיין חלום... וואס פארא זעלטענעם טעם און ריח, וואס פארא וואונדערבא־

רע קאליר ס'פארמאגט א חלום, וואס איז גאר = וואס אריין אין זיבעצנטן לעבנס = יאר — דאס וועסטו ערשט שפעטער באגרייפן... און איצט:

— — — וואלסט וועלן זיין א לערער — אזוי, ווי שלמה: אין מענטשלעכע הערצער צינדן פלאמען, פירן זיי צו גוואגטע מעשים... ס'וואלט אויך ניט שלעכט געווען צו זיין א בריוו = טרעגער: שפאנען אזוי, הויז = אויס, הויז = איין דורך גאסן... וואס קען זיין שענער, ווי ברענגען ווייטע בשורות אין מענטשלעכע געצעלטן?... צוווארפן בעת = מעשה א בליק דער יפה = פיה, זיך לאזן מוסר'ן פון א באבעצע, פארנעמען א זיידנס גוט = ברודערשן קלאפ אין פלייצע...

אדער אפשר גאר עפעס אנדערש?...

נאר ס'צעוויכערט זיך שטיפעריש דער חלום פון דיינע זעכצן יאר, שוועבט ארום דיר אין געזאנגען, ציט זיך מיט די פייער = צונגען צו די הימלען, פלעכט זיך אריין אין דער לבנה, מיניעט אין די שטערן און דו קענסט אים מער ניט פאנגען...

„...שטייט א קריניצע פארטראכט...”

וואס טראכט א קריניצע, בעת מיידלעך שעפן וואסער פון אירע אינגעווייד און פארשווינדן מיט פולע עמערס אינעם נאכט = נעפל, דעם אפהילך פון בארוועסע פוס = טריט פארזיגלט אינעם גראז?... אפשר וועגן דער, וואס שפיגלענדיק זיך אין פליסיקן זילבער פונעם עמער, האט פלוצלונג דערזען נאך א פנים זיך הוידען אינעם קליינעם שפיגל נעבן אירן?... אפשר קען זי ניט פארגעסן, די קריניצע, דעם צארטן אנדייט פון די ווערטער, וואס האבן אין דער ארומיקער שטילקייט געגלעט דעם מיידלס האר, דורכנעמענדיק מיט ציטער איר יעטוועדן גליד?... דערנאך איז דער עמער ארויסגעפאלן דעם מיידל פון די הענט, געקילט אירע בארוועסע פיס, נאר דער פרעמדער האט איס אנגעשעפט פונדאסניי. און זי, די קריניצע, האט ארייננגענומען אין זיך זיין שיינעם קאפ און זייט יע= נער נאכט ברויזט דער אומרו אין איר ברונעמדיקן הארץ...

„....ווערט לבנה בלאס און בלאסער...”

— — — פארענדיקט דאס ליד, האבן חברה מיטאמאל איבער= געריסן דאס געזאנג. א פארטונענער אין דיין ארבעט, האסטו לכתחילה ניט פארשטאנען דעם זין דערפון. נאר אט איז זי ארויסגעוואקסן ביים פייער, דאס מיידל מיט די צעפ, וואס האבן איינגעפאסט דאס צארטע פנים אין א בלאנדער ראם. זי איז געשטאנען, שווייגנדיק און אלע האבן געוווסט, וואס דאס מיינט...

זי איז געשטאנען, דעם בלויען בליק פארהוילן אונטער אויגן=דעקלעך, וואס האבן זיך געצאפלט, ווי פליגל פון א זומער = פויגעלע, געפאנגען אין די הענט ביי א שטיפער און דאס בלייכע לבנה = ליכט, אויסגעמישט מיט גאלד פון די פלאמען, האט איינגעהילט איר שלאנקייט אין א דורכזיכטיקן שלייער... שיער ניט א זעאונג, ארויסגעהויבן פונעם זיצנדיקן עולם, אביסל צעטומלט אין דער גרויסער יוגנט = מחנה, האט זי, ווי א בוימעלע זיך געצויגן צו די הימלען...

— — — „שטערנדל, שטערנדל, בלויער שטאַפעטעלע...״ — —

האט איר זאנפטע שטימע תפלה געטאָן צו די הימלען און אין אויגן געצונדן באנגע פלעמלעך....

„...אפשר — מען וויס ניט...

נאָר גאָט וועט מרחם זיין...״ — — —

טריפט די בענקשאפט טראפנס האפענונג ארײן אין הארץ פון דער נאכט, און שיקט עס, ווי א פארזיגלטן סוד, אויף כוואליעס פונעם עפיר אוועק אין ווייטע ווייטן. וועט עס דערגרייכן די יעניקע, וועמען ס׳געהער דער נשמה = ציטער פונעם ליד?...

און ווידער די הארץ = פארשטשעמענדיקע תפלה:

„....זיי מיר א שליחל,

פאַל אין מיין שטעטעלע!...״

ניין. אייגנטלעך האסטו נאך דעמאלט ניט פארשטאנען דעם ריכ=טיקן זין פון די ווערטער: ניט דו האָסט פארלאָזן אמאל דאס שטעטל, דו געבוירענער אין דער גרויס = שטאט און ניט דו קענסט זיך אויסמאלן די פאטער = בענקשאפט, דעם צער פאר קינדער... אבער די טענער, די נשמה = פאנגנדיקע טענער, באגלייט מיטן קנאקן פון ברענענדיקע צווייגן, חברים ארום דיר, באגאסן מיט שיין פון דער מדורה און א הימל, פול „בלויע שטעפעטעלעך״ — דאס אלץ האט אזוי וואונדערלעך צעפראלט דיין הארץ, ווי א גאלדן טויער, און, אומבאמערקט פאר דיר אליין, ארײנגע=פירט דאס צארטע מיידל, וואס ציט זיך, ווי א בוימעלע, צום הימל און זוכט מיט בלויע אויגן דאס קליינע אָרט אויף דר׳ערד, ווו דו שטייסט ביי דער מדורה...

— — — ס׳פלאטערט, ס׳פלאטערט דאס שטערנטוך פון דיין יוגנט...

...שטיל... דאס ליד איז אויסגעגאנגען אונטער די שטערן, ווי ס׳גייט אוים א שמעטערלינג ביים ראנד פון א שיין = דורכגעלעבטן זומער=

טאג אין פעלד און זי, א לייכטע, א שוועבנדיקע, מיט די דינע פיס קוים אָנרירנדיק די ערד, האט א פלי געטאָן צו איר פריערדיקן אָרט, ווי א פאר'כשופ'טער שוואן, באשאפן צו שווימען אויף זילבערנע כוואליעס פון עמיצנס יוגנט...

---

# גצוויטער

צי רעדן = זשע בייסן זיך ווידעראמאל די וועלטן פון שנאה, וואס די נאכט איז אזוי ילל׳הדיק און אומגעווייגלעך באלויכטן?

ערגעץ, ניט ווייט פון דאגען, לעבערן סנאריאדן די לופט, מאשין=ביקסן שטעפן מיט רוגזה געריכטע נעט אינעם אוויר, גראנאטן צעאקערן דאָס לייב פון דער ערד, זייענדיק אומקום אונטער דיינע פיס, און פייער=זיילן שלינגען איין דערפער און שטעט, צוזאמען מיט דיין לעצטער האפענונג...

פאָרויס, כסדר פאָרויס, שפאנסטו אין דער גרויסער מענטשן = מענגע און פונקט, ווי אנדערע, ווייסטו ניט, וואוהין ס׳פארטראגט דיך דער שטראם. פארויס — פארויס, שנעל און שנעלער, אלץ איינס וואוהין, אבי ווייטער, ווייטער פון די פייערן און מוראדיקע קולות, וואס לויערן אינעם ארום, ארויסרייסנדיק יעדע ווײלע לעבעדיקע אברים פון דער מענטשן = מחנה, וואָס קלאמערט זיך פארצווייפלט אינעם לעבן, ווי א שעפסן = סטאדע טוליעט זיך צום פאַסטוך, ווען די בעסטיע עפנט דאס שארף = באציינטע מויל צום פארצוקן...

ארום דיר — מענטשן: מענטשן גייענדיקע און ליגנדיקע, לעבעדיקע און טויטע; נעבן דיר — דאס מיידל מיטן קאַשטאַן = ברוינעם האָר=פלאם ארום קאפ... זי, דאס איינציקע, וואס דו פארמאגסט אין דער פייער=געצונדענער נאכט; דו — איר איין = איינציק פארמעגן. צי וועסטו זי

דערפירן צו א רואיק אָרט? צי וועט זי דיך דערפירן?... אויב ס'איז דער הימל, א בראַנדיקער מבול און די ערד, — אפילו ניט קיין תבה?...

און אפשר?... אפשר איז עס נאר א ווּסטער חלום אט דאס אלץ, און אויף מארגן וועסטו אויפוואכן — דיין קאפ אין גוטע, שלאַנקע הענט גאר איינגעפלאכטן?...

ניין. האלט פעסטער דעם מיידלס האנט אין דיינער, היט אירע אייליקע פוס-טריט, איר זאלט אין דער ריזיקער מענטשן-מאסע לעבעדיקערהייט זיך ניט פארלירן... אט ליגט אן אויפגעריסן שטיק לייב אויף דר'ערד און די איינגעווייד, אויסגעוואלגערט אינעם זאמד, ווי אן איבעריקע זאך, דערמאָנען, אז ס'איז אמת אלץ און א פארבלוטיקטער פוס-טייל אויף א פלויט, פארשטשעמעט צווישן ברעטער, פארזיכערט דיך, אז דיין חלום איז נאָר-וואָס אויסגעגאנגען, פארפלאקערט אין די פייערן, וואס ס'האט צעצונדן דער שונא...

אזוי האסטו געקרייזט מיט דער מחנה, ווי אַ מעווע אינעם שטורעם, בייטנדיק אלעמאל די ריכטונג לויטן קאַמפּאַס פון אויער, וואס פארנעמט דאס דראָענדיקע געברום פון מלחמה-געוויטער... בייטאָג זיך אויסבאהאלטן אין א ראוו, אין א וועלדל — ביינאכט געשפאנט פארויס, ניט צו וויסן וווהין דו וועסט דערשפאנען, אבי שנעל און שנעל, און שנעלער, אַבי ווייטער פונעם זודיקן קעסל, וואָס ס'האט פארקאָכט דער שונא... אזוי האסטו געוואַגלט, די סטאָפּעס אין שטויב און אין וווּנדן, די האַנט פארקוועטשט ארום דעם מיידלס דלאָניע און דעם בליק צוגעשמידט צו די שרפות, וואס האבן בלייך געמאכט די שטערן...

נאר אט ווערט זי שטיל, די נאכט, שטילער, און די שטילקייט איז נאָך אימה'דיקער, נאָך דראָענדיקער, ווי דאָס ביזאיצטיקע...

אט טרעט אייך שוין דער שונא אויף די פיאטעס און אוים איז עס מיט דער אנטרינונג. די פאָרשטעלונג וועגן דעם שרעקלעכסטן, מאכט פרירן דאס בלוט אין די אָדערן, צעטומלט די חושים, לאָזט ניט דערטראַכטן אַ געדאנק ביזן סוף...

און ס'געשעט:

אט ביסטו אינגמיטן פונעם דייטשן געווימל, אפגעריסן פון דיין הארציקן פריינט... עמיץ שלאָגט מיט א שפיצרוט—פינקטלעך, סיסטעמאַטיש, אָן כעס... עמיץ שרייט... עמיץ לאַכט...

— איצט איז אלץ אוים... — מיינסטו און זינקסט אין א נעפלדיקן תהום.

און אז דו דערוואכסט ערגעץ, אין א קאנצענטראציע־לאגער, ווייסטו ביטער, אומגעצוימט, דעם קאָפּ געבויגן איבער די קני — הלמאי דו ביסט ניט פארבליבן אינעם געפלדיקן תהום...

— — — — — — —

שטיל... גרינער לאַנקע־טעפּיך אונטער דיינע פיס און אויבן — דאס בלויע שטערנטוך, וואס פלאטערט, ווי א פארכשופטער שאַל, ארום בלאָנדן קאָפּ פון דער לבנה אין איר פולן גאנג. ווער האַרף זיי איצטער, די זילבערן און גאָלד־צעצונדענע אויף הימלס בלויער, דורכזיכטיקער פאן?... איצט זייגען זיי דיר דערווידער, שטעלן דיך אוים אויף סכנה; איצט רופסטו די פינצטערניש, באשווערסט די שווארצע נאכט, זי זאל פארווארפן איר טונקלסטן וואָלקן אויף הימלס בלאַנקע אקסלען, דאָס ליכטיק־פּרעכע פּנים פארשטעלן מיט א קעפּי... טוסט תפלה צו דער נאכט, זי זאל זיין גוט צו דיר, אין איר לייטזעליקייט דיך איינהילן און באשיצן, ביז וועסט מיט דעם מולטער־שיפל דערלאנגען דעם אנדערן ברעג...

נאר נאכט — א שטומער אויסשפירער פון אומהיימלעכע סודות, זינקט אין שווייגן און די קיים פון שטערן בינדט דיך, ווי א שעפס צו דער עקדה.

שטיל שלענגלט זיך דער גרינער גוף פונעם טייכל, ארייגעמענדיק אין זיך די זילבערנע צערטלעכקייט פונעם הימל, פארטונקלט פון דיין שאָטן, וואס הוידעט זיך אויבנאויפיק, געשפּאָלטן אין צווייען. שטיל שעפּטשען מיטאנאנדער די קוסטעס און דער ווינט האט איינגעהאלטן דעם אטעם. בלויז א פישל טוט פון צייט־צו־צייט זיך א פליעסקע, יע־עם מאָל דורכגעמענדיק אויפסנייי דיין הארץ מיט ציטער, גלייך א ביזע האנט וואָלט פלוצלונג א כאַפּ געטאָן דיך פארן קאָלנער און אוועקגעשטעלט מיטן פּנים צום שונא.

די נאכט, ווי גיט איר מיינט מען, עגבערט דעם חלל מיט שארפן, שטערנדיקן בליק און שפרייט דעם צויבער פון ווארעמער ליכטיקייט, וואס פארקילט דיר דאס בלוט אין די אָדערן און נעמט אדורך מיט שוידער דיין טיפסטן געביין.

לבנה־שיין פארווארפט א זילבערנע בריק איבערן טייכל און אויף דער געפערלעכער בריק דארפסטו גיין צו אנטרינונג...

צי וועסטו מצליח־זיין? צי קענסטו מצליח־זיין אין אזא זינלאזער נאכט, וואס האט אזוי עקשנותדיק זיך קעגן דיר פארשווירן?....

הימל... און ערד... און שטילקייט... אין דיין צאַפּלדיק האַרץ, ווידער איבערגעשראָקן פֿונעם פֿישל, וואָס האָט אַקאָרשט צעשניטן דאָס שווייגן, צעבריזגענדיק דאָס גלאָז פֿונעם טייכל...

באַלד דאַרף קומען דער פֿישער, באַלד וועט דיין גורל זיך קלאַמערן אין די רודערס...

דאָ, אויף דער זייט, געוועלטיקט דער באַרבאַר און בלויז דאָס שמאָלע טייכל טיילט דיך אָפּ פֿון יענעם אויסגעטרוימטן גרענעץ-ברעג, וווּ ס'שפּרייט זיך די אַנטרינונג.

דאָ, אויף דער זייט, האָסטו די פּיין געשלונגען מיט יעדן וואַסער-טרונק, מיט יעדן קאַרגן ביסן ברויט פֿון שונא'ס גנאָד און די דערנידריקונג, וואָס ער האָט אַריינגעפּויסט אין דיין פּאָלק, האָט מיט טעמפּע טשוועקעס זיך איינגענאַגלט אין דיין לייב-און-לעבן און גרויע פֿעדים אין געציילטע טעג פֿאַרוועבט אין דיינע האָר...

די מעת-לעתן אין קאָנצענטראַציע-לאַגער, ווען זיי האָבן דיך דעמאָלט פֿאַרשלעפּט, גלייך פֿונעם וואַנדער-וועג אויף בהלה'דיקע, פֿייער-געצונדענע שליאַכן—די דאָזיקע מעת-לעתן האָבן אַזויפֿיל ביטערניש אַריינגעטריפט אין דיין נשמה, אַז ס'וועט צופֿיל זיין פֿאַר איין לעבן...

דאָס איזדעקעווען זיך פֿון די ברוינע מערדער, די לייכטע איראָניע, מיט וועלכער פּוילישע קאַצעטלער האָבן באַגלייט די ענויים פֿון זייערע יידישע ליידנס-חברים — דאָס אַלץ האָט זיך זלידנע איינגעגעסן אין דיינע ביינער און געהויערט אינעם געמיט, ווי די אָנגאַנג פֿון אַ שווערער, לאַנג-דויערנדיקער גסיסה...

דערנאָך — דאָס צוריקערן אין דיין געבוירן-שטאָט און דער באַ-שלום — ניט צו פֿאַרלאָזן טאַטע-מאַמע, בכדי צו ראַטעווען דאָס אייגענע חיות.

און דאָן — — —

אַ פֿרימאָרגן, דער לעצטער צווישן קרובים און בני-עיר...

זייט דעמאָלט, ווי נאָר דו בלייבסט אַליין מיט זיך, פֿיבערן פֿאַר דיין פֿאַרמאַכטן בליק די געשטאַלטן פֿון דיינס-גלייכן, ווי דו האָסט זיי געזען אין יענעם טריבן פֿרימאָרגן אויפֿן פּלאַץ, אין אונטערוועש, מיט לאַפּאַטעס אין די הענט, אויפֿן באַפֿעל פֿון שונא רידלענדיק יאַמעס צו פֿאַרגראָבן זייערע אויבער-מלבושים... דערנאָך האָט איינער פֿון די מגולים דורכגעשאָסן דאָס ערשטע-בעסטע האַרץ פֿון דיינע יידן און די לעבן-געבליבענע האָבן נאַקעטע, אונטער רימען-שמיץ-קאָמאַנדע, געמוזט

טאנצן און זינגען, מאכנדיק דערביי פארשיידענע העוויות צום וויל־געפעלן פון פרעמדע הענקער „איבער אלעס" און פונעם היימיש־גויישן געזינדל, וואס האט ארומגערינגלט דעם פלאץ, ווי אן ארענע, בויגנדיק זיך אין דרייען פאר געלעכטער אין אונטערטעניקייט צום באצווינגער...

דערנאך, דערנאך... ניין. דאס איז געווען א סך מער, ווי דו האסט עס געמיינט צו קענען פארטראגן...

מיט א הארץ, הוילע ביטערניש, א האלב־וואנזיניקער פון חרפה, ביסטו געלאפן אהיים, פארשילטנדיק די פינצטערע נאכט פון דיין געבוירן. אינעם שווארצאפל פון דיין בליק האט אויף בלאנקער שארף פון שווערד געהוידעט זיך דער ווײ פון דיינע ברידער, מיט בלוט פון זייער הארצן אויסגעשטעלט פארן שונא'ס שפיל און די פוסטקייט, וואס האט געהויזט אין דיין מח, האט ארויסגעשפארט פון זיך די זינלאזיקייט פון איין־אייציקער, מטושטש'ער פראזע:

— אזוי זאלן מיר איצטער לעבן? אזוי — אומקומען?...

און, ניט דערגייענדיק צוריק אהיים, האסטו שוין געוווסט, אז צום לעצטן מאל טרעטסטו דעם היימישן ברוק: דעם שכנס צעשראקענער בליק האט דיך אויף גיך אוועקגעפירט פון טאטע־מאמעס טיר, יידישלעך, פארזיכטיק, אנטקעגנטראגנדיק דיר די בשורה, אז די רוצחים זוכן דיך אין הויז... און אז דער זעלבער שכן האט מיט ציטערדיקע הענט דערלאנגט דיר דיין מאמעס נאז־טיכל, וואס האט פארקניפט אין זיך איר ווייסע ליבשאפט צוזאמען מיט פרוטות „אויפן ערשטן ברויט" און באגלייט דיך מיר איר ברכה, זאלסט מצליח זיין אינעם געהיימען וועג — — — דעמאלט האסטו פארשטאנען, אז ס'איז אוים מיט דיין פארלאנג, צו בלייבן אינדערהיים....

און איצט — ביים ראנד פון טייכל, וואס טיילט דיך אפ פונעם אויסגעטרוימטן גרענעץ־ברעג, איז אויף א האר ניט לינדער דער ווייטיק פונעם לעצטן פרימארגן אין דיין שטאט, וואס גורטעוועט מיט דינעם, שניידיקן צער די טיפעניש פון דיין הארצן...

גאענט, שיער ניט צו דערלאנגען מיט דער האנט, שפרייט זיך די אנטרינונג — נאר ניט פאר די, וואס זיינען אינדערהיים פארבליבן...

באלד דארף קומען דער פויער מיטן שיפל, באלד וועט דיין אייגזאמער גורל זיך הוידען אויפן וואסער...

האסט ניט קיין באגאזש מיט זיך — גארניט, א חוץ דיין מידן גוף אנצופארטרויען די כוואליעס. אפילו דאס מיידל האסטו אין סכנותדיקן

וועג פארלוירן, דעם אומרואיקן פלאם פון דיין רייפער יוגנט, וואס האט מיט הייסער בליונג געשפאַנט דיינע גלידער... דיין רייפע יוגנט, פריצייטיק א פארשניטענע, וואלגערט זיך אויף שטויביקע שליאַכן. און זי?... ווו איז זי, די, וואס האט פארבלייבט אין דיין דמיון די דערינערונג פון יענער ערשטער, בלאנדער ליבע, אויספילנדיק דיין הארץ מיט איר אייגענער, פלאמיקער ברוינקייט, ווי א כוס ביז צום ראנד?...

לעבט זי נאך, די, צו וועמען יעדעס קעמערל פון דיין בלוט רופט אין די איינזאמע טעג און נעכט, וואס האבן לאנג פארגעסן דעם זאטן, רואיקן שלאף?... אפשר, אַ געפלאגטער הונט, ווי דו, זוכט זי אויך אין אזא נאכט צו דערגרייכן יענעם ברעג, פארשילטנדיק בלויען הימל, לבנה און די שטערן, וואס קענען ביים ראנד פון דער אנטרינונג אנטפלעקן פארן תלין איר האלדז...

און אפשר וועט די נאכט זיין פול מיט מילדקייט צו איר — וועט העלפן איר מיט טרוקענעם פוס אדורכשפאנען דעם אָקעאן פון פיין... אויף יענער זייט פון טויט וועט איר זיך ווידער געפינען און באהעפטן זיך אינעם לעבן: ס׳וועט אויפגיין אין דיין זומער א פרימארגן — — — ווי דעמאלט, אינעם שיינעם חלום פון דיין רייפער יוגנט, וועסטו אויפוואכן, דיין קאָפּ אין גוטע, שלאנקע הענט ארייגעפלאכטן און יעדן גליד צעעפנט, ארייגצונעמען אין זיך דעם שטילן וואונדער פונעם מיידלשן פלאם...

די נאכט חלומט אריין די ווייטע וויזיע אין דיין פארהוילענער צוקונפט און פארשפרעכט דיר, גוט זיין צו דיין ליבסטער...

פלוצלונג פאַרגעסטו אלע געפארן, וואָס לויערן אין דער אפגבארקייט פונעם ארום און הערסט זיך איין, ווי ס׳ריזלט אין דיר עפעס זייער מילדעס און באנגעס... געמסט אריין אין זיך די לייטזעליקע הבטחה — — — — זאל זי ריידן, די נאכט, דו — גלויבסט...

אט צעבראסטען שוין די וויאָסלעם די טייבישע ברוסט: נאָך א ווײַלע און דו וועסט פארלאזן דאס ארט, ווו טאטע-מאמע האבן הויך געוועלבט דעם הימל פון דיין קינדהייט, וואס פלאטערט אייביק אינעם טרוים...

נאָר אן אויגנבליק און זעסט ניט מער דעם שליאַך, ווו דער עפלבוים פון דיין פריליננ האט אזוי צוזאגנדיק געגרינט, פארשניטן אָקאָרשט פון רוצח׳ס שווערד...

שטיל... שאַ... הערסט דאס פלאַטערן פון דיין אייגן הארץ: זאָלן דיך נאר די שטערן ניט פאראטן, זאל נאר די לבנה ניט אויסגעבן דיין סוד...

די רודערס שפּאַלטן אַ כוואַליע סאַמע אינמיטן פונעם טייך.

— יעזוס, מאַריאַ ... — מורמלט דער פויער, ווען דאָס שיפל קערט זיך, דרעענדיק איבער אין אַ זייט.

— מיט דיר אינעם לעבן, אָדער אין טויט — גיט עס אַ ווייע אין דיר — צו יענער, וואָס האָסט פאַרלוירן אינעם וועג...

— — — צי האָט עס געדויערט אייביקייטן, אָדער איז עס געווען בלויז אַ רגע?.... דיין שאָטן פלאַטערט אויף אַ בוים — דער פוס טרעט די ערד אויף יענער זייט טייך... און איבער דיר — די שטערן...

# אַן ערשטלינג

— — — גלין-גלאָן! איז דיין האַרץ א גלאָק אין די קליינינקע גלעקלעך פונעם געשפּאַן אויף פערדישע העלדזער, זיינגען, דוכט זיך, נאָר זיין עכאָ...

הימל און ערד, ווייס-אנגעפּעלצטע. צבין-טאָיקאָזישע און דו אויף דער קעלניע... יעדע הוילע דרייסטו אוים דעם קאָפּ צו דיינע „פּאַסאַזשירן".

— גאַליבישקאַ! — זאָגט די באַבושקע, איינשטרעקנדיק פאַר-זיכטיק די הענט נאָך דעם „פּעקעלע", וואָס ביי דער יינגער פרוי אויף די הענט. — דו דערלאַנג מיר אביסל דיין ברעקעלע, די אָרעמס זיינען דאָך אָפּגעשטאַנען ביי דיר. אָט אזוי-אָ. האַרציקע! — ווי מיר. האָסט נאָך גאָר ווייניק כוחות. אַננאַ מאָסיעיעוונאַ, טייבעלע... ס'איז וווּנדער?... האָט דען די מאַמע א הינ׳ל דיר פאַרגרייט, בוליאָנטשיק געקאָכט, דיך צו קרעפּטיקן?.. דו געדענק דיר, דאָטש, זאָלסט זיך נאָר ניט צו האַסטיק א כאַפּ טאָן פאַר דער שטיב-אַרבעט!.. מאַכט ניט אוים, מישאַ מעג אביסל אונטערהאָרעווען פאַר זיין קראַסאַוויצע, ווען זי גיט אים א נאַ-כליעדניק... גישקשה פון א מאַנספּיל ביי דיר. דו גיב נאָר א קוק — א פּלייצע!... — איז זי באַרוי-עוויס, די אַלטע אין שטויסט דיך בעת מעשה הינטערוויילעכץ מיטן רוקן.

— גאָט איז מיט דיר, באַבושקע סערגעיעוונאַ!... — דרייסטו זיך

אוים צו איר, דאָס פּנים רויט פון נחת און פון ווינט — זע, כ'זאָל ניט אויסזאָגן דיין אלטן, אז דו טשעפּעסט זיך מיט אומשולדיקע מאנסבילן. ער קען דיר נאָך אנדרייען אן אויער דערפאר...

— פאַרלאָז זיך אויף אים! — זשמורעט זי שטיפעריש די אויגן און דאס צעקנייטשטע פּנים באוויזט אין שמייכל צוויי שורות נאך גאנץ געזונטע ציין — האט אויך ניט אייגנס אויפן געווים, דער האָלאָדראַניעץ, ווייס, ווי זיך אומצוגיין מיט מיר... הע, הע, אן אומשולדיקער מאנסביל, זאָגסטו? אַנושקען דארפסטו, כ'לעבן, ניט פארריידן די ציין. ניט קיין נאַרישע, דיין באָבע, ווייס, וואָס צו טראכטן מכוח מענערשער אומשולד און וועט אויף דיינער ניט בויען קיין בריק... אַאַאַ-אַאַאַ! ווייגסט גאָר, ווערעמל קליינס?.. — ווענדט זי זיך פלוצים צום נפש'ל, וואס ליגט פארבאַבלט אויף אירע הענט.

— סטאָי, ריזשקאַ!... — שטעלסטו אָפּ די פערד און ביידע — דו און די יונגע מוטער, בויגט איר זיך האסטיק איבערן קינד.

— זע נאר, ווי זיי האבן עס זיך א כאַפּ געטאָן, געל-שנאָבלדיקע, גלייך, דעם קינד וואָלט, ווייס איך, וואָס, געשען. הארציקע מיינע, לונגען וועט ער האבן, ווי א בלאָז-זאַק פון דעם-אָ ווייגען!.. נאַדיר אים, נאַ, מאַמע. מסתמא האסטו פארט פאר אים עפעס מער, ווי איך. — מורמלט אליין מיט א שמייכל די אלטע, אוועקלייגנדיק דאס „פעקעלע" דער מאמען צו דער ברוסט.

— נאר זע, היל זיך גוט ארום, טאָכטערל, זאלסט זיך און דאס עופהלע ניט פארקילן!... — הערט זי זיך ניט אויף צו פאָרען ביי דער יינגער מוטער, אויף א ווײַלע ניט פארלירנדיק דעם פאָדעם פון רייד; גלייך, זי זאל פון א רעשעטע שיטן פראָסע פאר די הינדלעך: די חברותא פיקט, פיקט די באַ'טעמ'טע קערנדלעך, און זי, די באָבעצע, קען אליין ניט פועלן ביי זיך, אָפּצונעמען פון זיי דעם געשמאקן ביסן...

— סטאָי, ריזשקאַ, דער טייוול זאל דיך!.. — האסטו, ניט ווילנ-דיק, איבערגעהאקט די רייד, וואס שיטן זיך פון דער אַלטערס מויל-רע-שעטע — סטאָי, פארשאָלטענע... — זידלסטו זיך ווידער, ווייל די אומ-גערולדיקע קליאַטשע וויל ניט איינשטיין אויף אן ארט.

פּאַוואָליע, טראָפּנוויז, טריפנדיק פון די הימלען, האט דער בין-השמשות געצונדן רויט דעם שניי און א נעפּל-פארהאנג פארשפרייט איבער דער ערד...

די פיס, אָנגעפּעלצטע אין וואָליקעס, אריבערגעווארפן אויף דער

אנדערער זייט געזעגט, מיטן רוקן צו די פערד, וואַרטסטו אָפּ, ביז דיין ברעקעלע וועט זיך אננעמען מיט פרישע כוחות פונעם וואַרעמען שטראָם.

א נייער, פרייליכער אומרו האט זיך איינגעבירגערט אין דיין יעדן גליד — קענסט ניט איינזיצן אַ מינוט: דאָ פאַריכסטו די דעקע אַרום דער פרוים פיס, דאָ ווישסטו פון איר פנים די פּאָרע, וואָס פרירט אויף די ברעמען, אויגן־ דעקלעך און אַרום מויל.

— חנה'לע... — פל סטערסטו אריין אין איר אַקסל, שטיל־ שטיל, ווי אַ הויך, און קענסט ניט זאָגן מער. ווייל די גליקזעליקייט, וואָס האט אַ פלייץ געטאָן אין דיר יענעם מאָמענט, ווען האסט פאַרנומען די בשורה וועגן דעם נפשל, האט פלוצלונג, ווי אַ כוואַליע, אַ הויב געטאָן זיך אין דיר ביזן האַלדז, פאַרשטשעמענדיק אין אים די רייד.

דערווייל ניט צו זען, פונוואַנען, האט אויף אַ האַמעטנעם שליטן זיך אָנגערוקט די נאכט און שטערן, ווי בענטשליכט, געצונדן אינדערהויך. אנ־ הויבנדיק איר וואַנדער־ וועג ביים הימל־ ראַנד, האט די לבנה פאַרביי דעם מילך־ וועג געצויגן לייכט איר גוף און, פאַרקירעווענדיק אויף לינקס, אַרויס אויפן ברייטן, בלויען שליאַך, ווו ס'האָבן איר געגריסט די שטערן...

— — — גלין־ גלאָן! איז דיין האַרץ אַ גלאָק און די קליינע גלעקלעך פונעם געשפּאַן זיינען נאָר זיין עכאָ...

און פירנדיק דיין פרוי און קינד אין דער דאַרפישער היים, צוריק פון דער קליניק, לעבסטו נאָכאַמאָל איבער אין געדאַנק יענע לאַנגע נאכט פון איינזאַמקייט, וואָס האט זיך געשפּריים אין דיר זייט דעמאָלט, ווען די קריגם־ בהלה האט אַוועקגעריסן פון דיר, פאַרווייעט ערגעץ־ ווו די זעלטזאַמע פּלאַנץ, וואָס האט אין רייפן פרילינג אַזוי וווּנדערלעך צע־ עפנט פאַר דיר איר בליונג... צום ווייטן מאָל טוּכט אויף אין דיר דער נאַגנדיקער ווייטיק פון יענער, דיך פאַרצערנדיקער בענקשאַפט, די איינגעשפּאַרטע זוכעניש נאָך אַ שפור פון דער, וואָס האט ניט אויפגע־ הערט צו געוועלטיקן אין דיין לעבן...

און ווידער זינגט אין דיר יענע אומפאַרגעסלעכע שעה, ווען האסט איר אַזוי אומפאַרהאָפט צוריקגעפונען:

— — — גלין־ גלאָן! איז דיין האַרץ — אַ גלאָק...

אומענדלעך און ווייס שימערירט דער סטעפּ; דער שליטן, וואָס פירט דיין פרוי און דאָס ניי־ געבוירענע אהיים, גליטשט מיט לייכטן גוף באַרג און טאָליק פאַרביי דאָס פעלד, פאַרטשעפּעט אַמאָל אַ בוריאַן־

כוסט אין וועג, און זוכט אלץ אין דער ווייטקייט דאס היימישע אָרט אינעם וואגל — אָפּצופירן נאך דער נסיעה...

ווי אין יענער נאכט, ווען דו האסט געהאלטן אין די ארעמס דיין ווונדערלעך געפונען גליק, איז הייגט דער הימל אוסגעצירט מיט שטערן, ווי דעמאָלט, קלינגט עס אזוי פריידיק, ווען דיינע ליפּן פליסטערן דאס קוואַליקסטע, דאס אייגציק וואָגיקע:

— חנה׳לע...

יאָ. שיין קען זיין דאס לעבן, ווען דער קוואַל פון ליבע שלאָגט אין מענטשן - קינד׳ס יעטוועדן גליד...

איצט איז עס אים מיט דער מלחמה, — וועט עס דען ניט באלד א סוף נעמען אויך צום גע - ונד?..

און, ניט צו ווישן, וויאזוי, האט די נאכט פלוצלונג צוגעשיפּט צו דיר דאס ליד, אויף וועמענס קלאַנג א בלאָנדע מיידל האט געוויגט אמאל דיין פריע יוגנט...

זיינען יאר - צענטליקער זייט דעמאלט פארגאנגען, אדער איז עס געווען ערשט נעכטן?..

— — — „שטערנדל, שטערנדל,

בלויער שטאָפּעטעלע:

זיי מיר א שליחל,

פאַל אין מיין שטעטעלע!״...

אָ, אין יאָרן פון היימלאָזיקייט האָסטו גרונטלעך געלערנט דעם זין פון אזא פערז!.. ביז צום פארכלינען זיך האסטו געטרונקען די בענק־שאפט צום אָרט, וווּ דיין קינדהייט האט זיך געוויגט אויף גוטן חלום פון קרובה׳שע הענט. ביז ווייטיק געטראָגן אין זיך די דערינערונג פון יענעם פרילינג, וואס האט, ווי א שמעטערלינג, געפלאַטערט אין דיין שיינער יוגנט...

נאר די שטאָפּעטן, וואס קומען פונעם ארט, ווו דער הימל פון דיין לעבן האט זיך בלוי געוועלבט, ווייען איצט מיט חורבן, מיט טויט... ניט שוינזשע האט דאס שלעכטס, פאר דער צייט, באוויזן אָפּצו־ברעכן אלע צווייגן פון דיין שטאַם? איז דען מעגלעך, אז די זאַפטן, וואס ריזלען דירות - לאנג אינעם שורש, זאלן ניט ארויס־דרענגען נייע שפּראָצונגען אויף דער אויבערפלאך פון לעבן, וואס וועט ווידער גרינען?...

דער ווינטער וועט פארגיין, פרילינגס וועלן שוימען און ווידער

וועט, מסתמא, דער שטאָם אונטער דער לאַסט פון פירות בויגן זיין שטאָלצן קאָפּ און מים=חיים'דיק וועט שטראָמען דער קוואַל, איבערגיסנדיק זיינע קלאָרע וואַסערן אינעם אָקעאַן פון צייט... נאָר ווער וועט פאַרנעמען דעם צער פון א דור, וועמענס טייכן זיינען אויסגעטריקנט, וועמענס ווינציקער, לעבן=געבליבענער רעשט האָט ניט מיט וועמען צו טיילן דעם נס פון צוריק=געפינען א געליבטן מענטש, די גליקזעליקייט פון טאַטע=מאַמע ביים אָנבליק פונעם ערשטן, ניי געבוירענעם קינד?.. אָ, פאַרשאָלטענע וועלט, וויפל גיפט אין יעדן טראָפּן פון איר ליכטיקן שיין!..

— — — פאַרכשופט אין א שטערן, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פונעם הימל=פירמאַמענט, איז דיר דיין פרייד געפאַלן צו די פיס מיט דער שטילער טענה, הלמאי דו האָסט ניט קיין איינזעעניש, שיטנדיק אַש אויף איר יונגן קאָפּ...

— גאָלובושקאַ, סיערדיעשנאַיאַ, — האָט די אַלטיטשקע אויפן געזעס א צעוויינט געטאָן זיך אין דער ברייט, איבעררייסנדיק דעם לויף פון דיינע געדאַנקען, וואָס האָבן אויף האַלדז=און=נאַקן=צעברעכעניש געשלעפּט דיך באַרג אַראָפּ — ווי צו מיינע אַלטע יאָר — דו ווייסט? יאָ. מיין אויסגעטריקנטער מח באַגרייפט נאָך עפּעס=וואָס: גאָטעניו, גאָט! קיין טאַטע=מאַמע, קיין טרייע שוועסטער אין אזא צייט — יאָ. דאָס קען איך שוין פאַרשטיין; נאָר, טאָכטערקע, ביסט דאָך א מערדער פאַר דיין אייגן קינד — באַלד וועסטו אים אָנזויגן מיט דעם סם. נו, גענוג דיר, אַננאַ מאָיסיעיעוונאַ, גענוג, גיב בעסער אַהער דעם יינגאַטש, אויף דעם בין איך דאָך אייגנטלעך דאָ — קענסטו מיך ניט האַלטן פאַר א מאַמע? נו, האַרציקע, הער אויף, ברעך ניט מיין אַלט האַרץ; אַ שאָד דיינע אויגעלעך פאַר טרערן — דו שוין זיי, די הערלעכע, פאַר דיין מאַנס הייסן קוש!... נאַ, זע, ווי געבראָכן ער איז, פאַרשאַפסט אים צער — ער ווייס דאָך, וואָס דיין וויינען מיינט, ניט נאַרישער מסתמא פון מיר...

ארום — שטילקייט ווייט און ברייט... אין האַרץ פון דער שטילקייט — דער שליטן, אַן אַלטע רוסישע מאַמע מיט דיין קינד אויף די הענט און אין דיינע אָרעמס דער האַרציקער פלאַם: גליט אויס דאָס שלוכצן אינמיטן פון קאַלטן פעלד און דו ווייסט אויף געוויס, אז דאָס מיינט ס'זעלבע, וואָס דיינע רעיונות, וועלכע האָבן נאָר וואָס אויף האַלדז=און נאַקן=צעברעכעניש געשלעפּט דיך באַרג=אַראָפּ...

שטיל רווישט דער בוריאַן פון ביידע זייטן וועג... די נאַכט שטעכט דורך די ליידיקייט מיט פראסטיקע שפיזן... ערגעץ, ווייט, גיבן א גלימער קלייניקע פייערלעך — א סימן, וועלף זוכן רויב. די אלטע צעלאָזט זיך אויף קאַטאָוועס מיט א קרעפטיקן: — או = הו = ו = ו = ו!... אָפּצו-שרעקן די וועלף... נאָר, אינדערעמתן, איז ניטאָ וואָס צו שרעקן — זיי זייַנען ווייט...

— וויאָ, ריזשקאָ! הויב אביסל גיכער די רגלים, א ניט, וועט דיר דער עק צופרירן צום הינטן, רירט זיך, ווי א בלייענער פויגל, די פּאַר-שאַלטענע!..

באַענט, צו דערלאַנגען מיט דער האַנט, דרעמלען די הייזקעס אין האַרף, ווי א סמאַרע געגנדז, זיך צוגעזעצט אין שניי...

— עך, א וועג, א וועג! — קלאָגט זיך די אַלטע, פאַריכטנדיק דאָס טיכל אויפן קאָפּ — נאָר באַלד וועלן מיר אויסגלייכן די גנאַטעס, צעוואַרעמען דאָס חיות מיט א גלעזל טיי. — ברומט זי, אנווייזנדיק אויף דער הייזקע, וואָס קוקט וואָך אין דער נאַכט אריין מיט העל = געצונדענע פענצטער = בליקן, צווינקענדיק פריינטלעך א וואַנדערער אין וועג...

דרייסט אוים אויף הינטן דעם קאָפּ: דאָס קינד איז ווידער ביי חנה׳לען אויף די הענט. די ווייסקייט פון איר שמייכל בלענדט אין טונקעלן פּנים, ווי א סיד. אויף דער באַק גלאַנצט פאַרפרוירן אינעם לבנה = שיין א טרער, וואָס האָט איר ניט באַוויזן אויסצוטריקענען אין געאייל.

שטערן קוקן זיך איבער און שווייגן...

# אַהיים

נאכט... לבנה טריפט זילבער פון דער הויך. א פאר ליכט = פלעקן, אריינגעפאלן דורך די קליינע פענצטער, דורך דער אפענער טיר, הוידען זיך מטושטש אויף די טונקעלע ווענט פונעם רעפּאַטריאַנטן = וואגאן, וואס שטופט זיין שווערן גוף אייזן = פעסט פאָרויס.

דאס הארץ אריינגעכשופט אין בליק, האבן מענטשן באלאגערט די פענצטערלעך, די ברייט=צעעפנטע טיר, שלינגענדיק אייפריק די ביימער=פאנאראמע פון ביידע זייטן צוג, צוזאמען מיט דער פרילינג = לופט, וואס פארפעלט ניט אפצוריכטן איר עבודה אפילו דא, אין דעם פול = געפאקטן וואגאן, ווו ס'קיניגט, דוכט זיך, נאר איין = איינציקער פארלאנג: א ה יי ם...

אונטער דער לאַסקע פונעם מילדן דרויסן, האט נאכגעלאזן די הארטקייט אין פנים פון דער פרוי, וואס זיצט נעבן דיר אין דער אפענער טיר, די פיס אראפגעהאנגען דרויסן פונעם וואגאן. די שטריכן האבן אנגענומען יענעם פארטרויליכן אויסדרוק פון א קינד, בעת עס ווייס אויף געוויס, אז די מאמע איז מיט אים... נאר באלד האבן זיי ווידער זיך געביטן און דער אויסדרוק איז געווען אויסטערליש ניי: דאס פנים בלאס, בלאַס, אז א שפור פון בלוט און אין די אויגן א גרינער, לויכטנדיקער פונק, וואס האט געשיינט צו פארמאָגן די קראפט אָנצוצינדן אלץ, וואָס קומט אין זעאונגס = קרייז פון דעם בליק. נאר זי האט קיינעם ניט געזען אין

דעם מענטשן - פולן וואגאן, א חוץ דיר, דעם בחור, וואס זיצט ביי איר זייט, מיר די געדאנקן ארייגעטאָן און זיך אין זיך און אין דעם נייעם לעבן, וואָס ס'וועט אויסקומען צו בויען אין דער אלטער היים... פלוצים, געשטויסן פון אן אינערלעכן אימפולס, האסטו אנגעהאנגען אויף איר דעם בליק און האסט אויפגעציטערט: אזא האסטו איר נאך קיינמאל ניט געזען. א דער־שראקענער האסטו אנגענומען איר האנט — זי האט געגליט...

— פילסטו זיך עפעס ניט גוט? — זיך איינבויגנדיק, האסטו ארייגעמורמלט איר אין אויער.

— ניין, וואס פאלט דיר איין?... — האט זי געווענדט צו דיר דאס בלייכע פנים און אויסגעפליסטערט אין דיין זייט, קוים, קוים, וואס האסט דערהערט: — כ'בין בלויז שכור: פון דער היים - נאענטקייט, פון פרילינג און פון דיר...

— וואס קען איך דיר זאגן דערויף, מיין לייבלעכע? איך, וואס בין אלעמאל אויסגעניי באוויזשט פון דיין זעלטזאמקייט, פון די וונדערלעכע רייד, וואס ניט יעדע פרוי טראָגט אנטקעגן איר אייגענעם מאָן?... — האָסטו ארייגעאָטעמט אין איר דורשטיק מויל; און אפשר האָסטו גאָרניט ארויסגעזאגט די ווערטער, דאָס איז עס אָבער געווען, וואס האָסט געמיינט...

אזוי זייט איר געבליבן זיצן, איינגעהילט אין שוויגן, — איר האנט איינגעגלידערט אין דיינער, — צוגעטוליעט צואנאנדער, ווי היימלאזע פייגל אויפן וועג צו א נעסט.

נאָר פלוצלונג האט דאס קינדערשע געוויין, מאָנענדיק, ארייגע־ריסן זיך אין אייער שווייגן. זי איז אויפגעשפרונגען און גיך, גיך ארויפגע־קלעטערט אויף דער נאַרע, גרייט צו באפרידיקן די טענה פון איר זון.

אין דער אפענער טיר ביסטו איצט אליין מיטן פרילינג. אויפן דנאָ פון דיין הארץ, ווי א פערל, בלייבט פארזונקען דער אפבילד פון אָ שיינער רגע.

חנהלה...

אין דיין בלוט וויברירט די לוסט, וואס האט אקארשט גע־ריזלט אונטער דער הויט פון איר בלייך געווארענעם פנים. צי איז עס גע־ווען אָ טרוים?....

* * *

**פארבייגייענדיק, אן נייגיר בליצט דאס אפענע פנים פון הימל**

אריין אין פירעק פונעם וואגאָן, וואָס פירט די וואָגלער-גרופּע אין איר היימאַט. גלייכגילטיק, אַן נייגיר, קוקן די ברילִיאַנטענע אויגן פון הימלישן ספינקס: ניט איינס שוין געזען אין די לעצטע צייטן, ניטאָ מער קיין חדושים אויף גאָטס וועלט...

א שטערן שווימט מיט מיטן באַן-לויף און, פארגעמענדיק אין דיין בליק די פראַגע, נעמט ער אויסגליען פאַר דיר דאָס געזעענע:

אין זיין דערציילן פלאַטערט דאָס פאַר'צער'טע פּנים פון דיין פרוּ-מען טאַטן, הויט און ביין, אזא, ווי מ'האָט אים געפירט וויים-איך-וווּ... אין דיין אויער שרויפט זיך אריין דאָס וואַנזיניקע, בלוטפרירנדיקע געשריי פון א יידישער מאַמע, וואָס איז צוגעפאַלן צום צווייטייליקן גוף'ל פון איר צעריסן קינד, ווי צו א מזבח, אין ווילדער אנטשלאָסנקייט ניט צו רירן זיך פון דאַנען, און אויך אזוי געבראַכט ווערן צו א קרבן... געשטאַלטן פון מאַראַנען, אויסגעליפערט צום יודע-שפּיל פון יעדן שגץ, וואַגלען סכנת-דיק אין דיין דמיון...

ניין. דער כוס פון דיין פיין איז נאָך אַלץ ניט פול, ס'וועט נאָך דויערן, ביז וועסט אים אויסטרינקען אינגאַנצן. נאָר דערווייל טריפט אריין אין אים נאָך א טראָפּן ביטערניש:

דער גורל פון א מיידל — איז עס ניט דיין שוועסטער? — וואָס איז אין א טריבער נאַכט געשלעפּט געוואָרן צום אומקום און, אַרויסשפּרינגענדיק פון לויפנדיקן צוג אין א דערלייזנדיקע פינצטער-ניש, האָט זי געוואונען דאָס לעבן. נאָר, פאַרלירנדיק גראָד דעמאָלט די חושים, אפגעזונט א דייטשן מערדער, און דער האָט זיך ניט געפוילט אריינצושיסן א שטיק בליי אין איר מבולבלן געלעכטער....

זיך היטנדיק, ניט צו פאַרלירן די מאָס, האָט דער שטערן אויפגע-הערט צו טריפן סם אין דיין נשמה און, צוואַרפנדיק א זשמעניע זילבער דיר אין שויס, איז ער נעלם געוואָרן הינטער א וואָלקן...

קוקסט זיך איבער מיט די שכנים: שטיל. פאַרשטומט זיינען אַלע געשפּרעכן — א סימן, זיי האָבן פאַרנומען די קינות פונעם שטערן... צוויי גויישע רעפּאַטריאַנטן טוישן אויס צווישן זיך בליקן, ווי שפּיזן...

* *
*

דער באַפעל פון דער עסקאָרטע, וואָס האָט באַגלייט דעם צוג, האָט

געלויטעט: פארמאכן טיר = און = פענצטער אויף דער גאנצער נאכט, ווייל מ׳דערנעגטערט זיך צו דער גרענעץ.

ווי א מוראשניק, האט זיך צעווימלט דער וואגאָן:

האַ, די גרענעץ? האַ! פוילן?...

ווי דער אייז = שפיגל פלאצט פרילינג = צייט אויף א טייך און ס׳נעמען זיך טראגן די קריעס, אזוי האבן די רייד א לאָז געטאָן זיך אין דער פינצטערניש פון פאַרמאַכטן וואגאן, פארפלייצט די געמיטער, געקראכן אויף גלייכע ווענט פון השערות, זיך איינגעביסן אינעם אייגענעם ווייטיק. דערנאָך, פארטאַייעט טיף אין דער נשמה, פאַרזונקען אין פלוצים׳דיק אויסגעוואקסענעם צארן פון שווייגן, געפרוווט זיך קלאמערן אין א דין=דינעם האפענונגס = שפליטער — מיט אייפער פון א טרינקענדיקן, וואס כאפט זיך אָן אין אַ שטרוי.

פאַרזיכטיק, ניט צו צעדרויבן דעם דינינקן שפליטער, האָבן זיך די ווערטער ארויסגעקוילערט צוריק פונעם שווייגן, געזוכט א ווײלע אַ אָנשפּאר אין אַ פאראייגצלטער פראזע, ביז זיי האבן זיך ווידער אנגענומען מיט קוראזש און ארויס אויף די מוטנע וואסערן פון באריידעוודיקייט, מיט רייסנדיק אלץ מיטן שטראם:

— — — און פארוואס עפעס פארמאכן פענצטער און טיר?... פארוואס — ווי א מין גע׳גנב׳עטע זאך?.. הייסט עס טאקע — באַנדעם... אז מ׳זאגט, איז דאך ניט שייך — אט האבן מיר׳ס׳קלאר, ווי אויף דער האנט...

— איז דאך פאַרטיק דער בראָך, זי וועט זיך ניט קיין עצה געבן, די מאכט...

— געהערט א חכמה פון א ייד? פאר דער מאכט דאגה׳ט ער גאר! ווי באלד זיי האבן עס גענומען אין די הענט, מסתמא וועלן זיי אויסקערן דאס מיסט... נאר מיר, פארשטייט עך מיך, ליגן קלאפטער = טיף אין דר׳=ערד. צו וועמען וועט דאס אויסגיין, אויב ניט צו ישראל׳יקס קאָפּ?...

— א נאפקא מינה, מיינסטו? סייווי איז עס אוים מיט אונדז. אויב מיינע זיינען טאקע אומגעקומען, גיב איך ניט קיין פארפוילטן רעטעך פאר מיין גאנץ לעבן.

— ס׳זאגט זיך אזוי...

ס׳זאָגט זיך, ס׳מאָגט זיך. נו, אדרבא, זאָג דו, וויאזוי לעבט מען אציגד?

נאָר, ניט צו ווּיסן, פונוואנען, וויאַזוי, האָט פּלוצלונג דער אָנזאָג, ווי א שוימיקע כוואַליע, צעברייזגעט זיך איבערן געווימל פון רייד.

— איצט...

— שוין אדורך די וואך...

— פינקטלעך האַלב איינס...

— פּאָליאַקן האָבן מסתמא איבערגענומען דעם צוג...

עמיץ האָט קוים אויפגעלענט א פענצטער, ארויסרוקנדיק דורך א שפּאַרע דעם בליק.

— פּוילן... מאַמעלעך, נאָך אַזויפיל יאָר...

— הייליקע יינגפרוי, מאַריאַ אָסטראָבראַמסקאַ... — האָבן קריסטן א וואַרף געטאָן זיך אויף די קני, אויף פליגלען פון תפילה טראָגנדיק די מחשבה צו גאָט — יעזוס, מאַריאַ! אז מיר האָבן דאָס דערלעבט...

א פּויער האָט זיך א שפּאַר געטאָן צום טיר: — לאָזט! ער'ט קושן די ערד!....

איינציקע האָבן אים איינגעהאַלטן. אנדערע האָבן אויפגעהויבן א טומל, הלמאַי דאָס בחורל האָט אויפגעלענט א פענצטער:

— סט'געהערט, שניעק, אַלץ דאַרף זיין פאַרשפּאַרט!... וויל ברענגען אן אומגליק אויף אונדז...

— גלייך, דאָס אומגליק וואָלט אונדז ביז היינט געמיטן!... — האָט ווער געפּרוווט זיך ווּיצלען און אנטשוויגן געוואָרן, דערשראָקן פאַר זיין אייגן קול.

און דו ביסט געשטאַנען צווישן דייַנע יידן, ווי שעפּסן, צונויפגעדרענגט אין א סטאַדע, אין אייביקן דערוואַרטן די געפאַר. א זיפּ, צעלעכערט פון וויי, ביסטו געשטאַנען, דעם רעיון פאַרגראָבן אין זיך, קילנדיק דעם שטערן אינעם אייזן פון דער וואַנט.

מיטאַמאָל איז דער דרויסן פאַרטאָפּטשעט געוואָרן פון טריט, אויסגעמישט מיט שכורן געברום... אין דער תבה פון אייער וואַגאָן האָט א ווייע געטאָן מיט געוויטער.

אט באַראַבאַניעט שוין עפּעס האַרטעס אין דער טיר.

— זשידי! ארויס פון וואַגאָן! מירן אייך אריבערפּעקלען צו אייערע אבות!...

א געדעמפּט שווייגעניש.

דו שטייסט מיט נאָך עטלעכע, גרייט, ביי דער טיר, טאָמער רייסן זיי זיך אריין. עמיץ דערלאַנגט דיר א האַק, וואָס האָט דעם גאַנצן וועג

געדינט צום האַקן האָלץ. עמיץ זיפצט שווער אָפּ, ווי אַ משא וואָלט זיך אים פאַרקייקלט ביז צום האַלדז. חנה'לע שטייט ביי דיין זייט און דו קענסט ניט דערגיין, וואָס זי האַלט פאַרטאַיעט אין דער האַנט....

נאָר גיך הערט אויף די קלאַפּעריי אין טיר. ס'דערווייטערן זיך די טריט. אויף כוואַליעס פון מאַכטלאָזן כעס שווימט אָפּ דאָס געברום, צעריסן אין דער פינצטערניש פון אַ פּראַזע:

— אויספּאַרטיקן דאַרף מען זיי. געבליבן צופיל!...

און פּלוצלונג, ווי ניט איר וואָלט מען דאָ געמיינט, האָט אַ יידענע מיט אַ זינגענדיק קול צעפּעכערט איר דאַגה איבערן וואַגאָן:

— טאַטע זיסער! כ'האָב דאָך גאָר פאַרגעסן צו זאָגן „גאָט פון אַבֿרהם", סזאָל מיר ניט זיין גערעכנט פאַר אַ זינד... גע! גע! מיר האָבן דאָך היינט געהאַט שבת פון גאָט — שוין לאַנג אויפגעגאַנגען די שטערן...

— כ'וויל ניט!... — צערעוועט זיך אַ מיידל נעבן דיר — כ'וויל ניט דיין „גאָט פון אַבֿרהם!" ווּ איז ער געווען, דיין גאָט, ווען דער טייוול האָט אונדזערע געבראַטן און געברענט? האַ, ווּ איז ער געווען?... און אַז מיר קומען אַהיים, נאָך אַזויפיל יאָרן, פון אונדזער שווערן וועג — וואָס פאַרא ברוך הבא האָט ער אונדז פאַרגרייט?! ניין! כ'וויל ניט, ער האָט אונדז אָפּגענאַרט, דיין „גאָט פון אַבֿרהם!"...

— פאַרנאַרטע, הער אויף, אַ ניט באַקומסטו קלעפּ! — האָט ווער, טרייסלענדיק איר פאַר אַן אַקסל, געצישעט דורך די ציין — אָט וועלן זיי דערהערן דיין בלעקערצן, און וועלן זיך אומקערן צו אונדז...

— אָ= ליאַ באָגאַ, באַרואיקט איר, מענטשן! — האָט דער פויער געפליסטערט מיט רחמנות אינעם קול. — זוואַריאָוואַלאַ דזשיעוווּכאַ! אָט, לאָבוזעס, איבערגעשראָקן אַ מענטש... — האָט ער צוגעגעבן, אויסטייטשנדיק דעם „צופאַל" אויף זיין שטייגער.

— כ'וויל ניט דיין „גאָט פון אַבֿרהם", כ'וויל ניט!... — האָט אַלץ נאָך גערעוועט דאָס מיידל, קאָרטשענדיק זיך אין דרייען אויף דער נאַרע, וווּהין מ'האָט איר פאַרטראָגן מיט איר היסטעריע־אָנפאַל. אינדערפינצטער האָבן איר אַרומגערינגלט ווייבער: איינע האָט געגלעט אירע האָר, אַן אַנדערע האָט דערלאַנגט אַ טרונק.

אינמיטן פונעם גערעמל איז געשטאַנען די יידענע, פאַרשולדיקט, ווי אַ קליין קינד — בעטנדיק אינדערשטיל מחילה פאַר דעם עניו, וואָס זי האָט פאַרקאַכט מיט איר עלנטן „גאָט פון אַבֿרהם"...

נאָר ס'מיידל האָט זיך שוין געהאַלטן אין באַרואיקן. דאָס שלוכצן

איז געווארן וואס אמאָל איינגענומענער און שוואכער, די שטימע — געדעמפטער.

— כ'וויל ניט, כ'וויל ניט... — האט זי נאָך איבערגעחזרט אין א טעמפן קרייז און, ברומענדיק, ווי פאר זיך, האט זי צעקייעט די ווערטער מיט די ציין, גלייך, ס'אָל איר זיין א שאד ארויסצולאזן אזא געשמאקן ביסן פונעם מויל... דערנאָך איז זי געבליבן ליגן א דערשעפטע, ווי אן אי־בערגעקערטער קרוג, אויסגעלערט פון ביטערן געטראנק. דאס געווישער האט זיך איינגעשטילט — די ווייבער האבן אָפּגעאטעמט, ווי נאָך א שווערער, שווערער ארבעט.

דו ביסט נאך אלץ געשטאנען ביים טיר, נעבן דיר — די האק, מיט תמימותדיקן פנים פון א בעל־מלאכה. חנה'לע האט זיך געפּאָרעט ביים קינד.

— אזוי, — האסטו געמורמלט אין זיך — אזוי זעט מען אויס אויפן וועג אהיים. און ווי וועט עס זיין אינדערהיים גופא?...

דורך א שפאלט אין דער טיר איז אויף א דינעם ליכט־שטרייף ארייגעשוווּמען א שטערן אין וואגאן און זיך געהוידעט אויפן דיל, אויף שארף פון האק צעשניטן דעם גרינלעכן גוף...

דערנעבן איז געשטאנען די אלטיטשקע. א בארואיקטע, אומדערשי־טערט אין איר ווילן צו לויבן דעם בורא, האט זי ערשט רעכט געפּרעפּלט איר „גאט פון אברהם"....



# אין דיין געבורטס-שטאָט

אָט ביסטו אין דיין היימשטאָט.

— — — לאָדזש, דיין לאָדזש! וואס האט געמאַכט פון דיר דער מולך?!...

פון איין זייט — ליכטיק־רחבותדיקע גאסן מיט הייזער, גיט באַרירט גאָר פון שטורעם...

פון דער אַנדערער — דאס געטאָ: תוהו ובוהו, אנגעוואלגער פון שטיינער, אייזן־ברוכוואַרג און ציגל. און צווישן דעם אנגעוואלגער באַגעגנסטו אומהיימלעכע געשטאַלטן פון קינדער און דערוואַקסענע, וואָס ראַיען זיך, מיט לאָפּאַטעס, אין די חורבותדיקע געדערים, זוכנדיק עפּעס מיט אייפער. שפּעטער ווערסטו ערשט געוווירער, אַז מאַנכע פּוילישע שכנים, פון צווישן די, וואס פוילן זיך, אויפן נאָרמאַלן וועג ארויסצו־ברענגען זייער חיונה, לאָזן זיך בעסער אויף דעם צוזאָגנדיקן וועג פון זוכן גאָלד אין די געטאָ־רואינען, פּאַרמאַניעס, אפּנים, פון דער איבי־קער לעגענדע וועגן יידישער עשירות.

ס'טרעפט — דו באַגעגנסט איינצלנע, האַלב־גאַנצע הייזער, וואס סטאַרטשען, אויסגעמוטשעטע, ארויס פון דער חורבה און — א גרילץ, א חוזק־מאַנונג, א שפּיז אין דיין האַרצן איז די פּאַרב־אויפשריפט אויף זייערע מויערן:

ניט חרוב מאַכן — א קריסטלעך הויז!

שטיל... ס'שווייגט דאס אינזעלע, וואס האט אָקאָרשט, דוכט זיך, שימערירט מיט רעגנבויגנדיקע פארבן און אזוי שלווהדיק געווימלט מיט טענער; צעטראָטן וואַלגערן זיך אין שטויב די רגע'ס פון דיין שיינער יוגנט.

ווי לאנג איז עס אינגאנצן, אז ס'האט אזוי פריילעך געפלאקערט דיין מדורה און פון ייִנגע הערצער האבן צאַפּלדיק געריסן זיך לידער:

...„ארום דעם פייער חלומות וועבן"...

א בייזע האנט האט פארלאָשן דיין פייער און אנגעצונדן אנדערע שייטערס, וואס האבן פארבלינעט דיין אינזעלע צוזאמען מיט אירע באוווינער...

ניט דערטליעט אין די שייטערס, אויף פאַרלאָזענע וועגן וואַגלט אום דאס חיות, זוכנדיק אין נאכגעוויטערדיקע חורבות יא זכר, אן אנדייט פון א ליבער צורה...

ניט דער'שח'ט, דעם קאָפּ ניט דערקייקלט צום אשיקן אפגרונט פון זיבן - מאל געברענטע גופים, שפאלט דער שאטן פון דיין האפענונג אלע זיבן הימלען, בעטנדיק א תיקון און די הוילע וווּנד אין דיין ברוסט דערמאנט בלויז, אז א הארץ האט אמאָל אויסגעקלאפּט אין דיר דעם ווונדערלעכסטן ריטם פון לעבן...

צעריסן ליגט דאס שטערנטוך פון דיין פרילינג, ווי א גע'פּטר'טע נעץ, וואס קען מער ניט פאנגען קיין גוטע מינוטן...

— — — א בייזן מאלציים האט געפּראוועט דא דער שונא, א מין שפּיל, וואס דו קענסט נאך איצט, על רגל אחת, ניט באגרייפן. קלאר איז בלויז דאס איינע: אז אויפן קבר פון דיינע נאענטסטע ווילסטו דיין צעשטערטע געסט פונסניי ניט בויען.

אט ביסטו מיט חנה'לען און מיטן קליינעם זונעלע אינעם רע-פאטריאנטן - הויז — יאַקובאַ 16. אויף דעם „טרערן - אינזל", ווו ס'קרייציקן זיך די וועגן פון לעבן - געבליבענע יידן - רעשטלעך, ווען איר בלויז אפזיצן „שבעה"...

— און, וועלנדיק זיך עפּעס דערוויסן וועגן דיינע נאענטסטע, לויפסטו משוגע'נערהייט צו דער וועכטערן פונעם הויז, ווו דו האָסט גע-וווינט מיט טאטע - מאַמע.

נאר זי, די וואָיטשעכאָווא, טראָגט דיר אנטקעגן איר גרעסטן קומער:

— דו שטעל דיר פאר, — קען זי זיך ניט שעמען — אז ווען

מ'האט ליקווידירט דאס געטאָ, בין איך גראָד געווען קראַנק און האב ווייניק וואָס געקענט אריבערשלעפּן צו זיך. האָב און גוטס האבן זיך גע־וואַלגערט אויף די גאַסן פונעם געטאָ — האט די דערציילערקע ניט אויפגעהערט זיך צו היצן — אנדערע זיינען נתעשר געווארן און צו מיר האָט דער ניט־גוטער מיט א חולאת זיך גאָר צוגעטשעפּעט, — כאָטש פּלאַץ, כאָטש נעם און צעשלאָג זיך אויף פּיץ־פּיצלעך!.. אָט, א מזל... ניין. אויף דיינע האסטו ניט וואס צו האפן — אוועק פון די ערשטע אין אויוון. נאר א מענגע זשידעס זיינען נאך געבליבן. יאָ, ווען זיך איצטער...

זי רעדט נאך עפּעס צו דער טיר, די אלטע, גאר דו, שכור פון ווי, מעסט שוין די טרעפּ מיט וואקלדיקע פוס־טריט.

מער גייסטו ניט אין ערגעץ.

צערדיוולט דאס הארץ אין צויטן, קוקסטו שעהן־לאנג אין תהום פון אייגענעם זכרון.

א לעצטע איינ־בלום גליט סומנע אויף די שויבן.

עמיץ שנאַרכט, נאָך א טאָג, א געפּלאָגטן, עמיצן שטיקט קאָש־מאַרדיק דער שלאָף אויף זיין נארע — און דו, א וואַכזאַמער, אינמיטן: א טריבן פּאָדעם שפּינט טרייסטלאָז די נאכט און ס'נייגט דיך ניט צום דרעמל.

חנה'לע כליפּעט שטיל אריין אין קישן און דו ווייסט ניט, פאר וועמען ס'איז גרעסער דיין ווייטיק: פאר חנה'לעס לײַדן, צי פארן קינדס מאָרגעדיקע לייב־יסורים, אריינגעזויגענע מיט דער מוטערס טרערן...

ווי אן אָל, אן אנגעגליטע, וועט אזוי שפּיזן דער ווייטיק און ס'וועלן שוין אלע דיינע נעבט זיין — א בוטליע, אנגעפּראָפּט מיט שגעון. קיין אנטריגונג?...

נאָר ס'היט דער רוקזאק דיין צוקאָפּנס, אנגעגרייט פאר ביינע וועגן. און חנה'לע מיטן קינד זיינען אויך פּיקס־און פארטיק צום וואַנדער. וואס האבן זיי דען צו פארגרייטן?

איז — ווידער זיך אויסבאהאלטן אין א ראָוו, אין בערג, אין א וועלדל, און — געוואַנדערט: אבי שנעל און שנעלער, אבי ווייט און ווייטער פון דעם ארט, ווו דער רוצח האט אויסגעפונען אזעלכע אוים־טערלישע טויטן אונדז צו פארטיליקן. אפשר וועט איר דערגיין אחינצו, ווו ס'פירן איצט פאר יידן אלע וועגן?

נאָר די וועלט האט זיך אירע דאגות און ס'קימערט איר ניט אונדזער חורבן.

ווי זייט קדמונים, שניידט דער לבנה - סערפּ דאָס הימל - גראָז אין די הויכן... ווי זייט קדמונים ריידן די שטערן זיך דורך מיט שווייגן, אַראָפּשיקנדיק אַמאָל דער ערד אַ זילבערנע שטאָפּעטע.

---

# זאַלבענאַנד

כ'געדענק — צוריקקומענדיק אהיים, נאָכדעם, ווי האָסט באַגלייט דיין פרוי און קינד „אין ווייטן וועג", האָסטו מיר דערציילט אַ וווּנדערלעכע געשיכטע:

אונטערוועגנס איז אַ שטערן אַריינגעפאַלן דורכן פענצטער אין דיין וואַגאָן. אַ ווײַלע האָט ער אומאַנטשלאָסן געפּלאָטערט אינדערלופטן, ווי ער זאָל עמיצן זוכן. ס'האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געהאַט אַ טעות, אַריינפאַלנדיק אין דער־אָ פרעמדער סביבה. אָט באַלד וועט ער זיך אויסדרייען אויף צוריק, אַ צעגנעם די זילבערנע פליגל און פאַרשווינדן אין זיינע רעגיאָנען — אַזוי קלאַנגלאָז, ווי ער איז אַהער געקומען...

נאָר פלוצים האָט ער זיך אַ ריס געטאָן פונעם אָרט ביים פענצטער און אַריינגעבליט שטיל אין דיין ווינקל... קיינער האָט אים ניט געזען, נאָר ער איז מער ניט געווען דערפון פאַרלעגן: צו דיר, צום בחור, וואָס האָט זיך פאַרוקט אין ווינקל מיט זיין צייטונג, איז ער געקומען; פאַר דיינעטוועגן האָט ער אַראָפּגענידערט אין דעם מענטשן־און חשבונות־באַלאָדענעם פּירעק. און דו האָסט אים אויפגענומען. דאָס האָט ער פשוט דערקענט אין דיין פלוצים'דיקן ציטער, וואָס איז געקומען פון אינעווייניק און צעכוואַליעט דאָס שטיקל נאַכט נעבן דיר, אינעם האַסטיקן אָוועקלייגן די צייטונג און אין די הענט, וואָס האָבן אויף

א ווײַלע בלײַך געמאַכט דאָס שטיק פֿינצטערניש און ווינקל, אויס=
שטרעקנדיק זיך צו פֿאַנגען דעם פֿינקלדיקן נס, וואָס קיינער זעט אים
ניט, און דאָך איז ער פֿאַראַנען...

נאָר דער קלײנער גאַסט האָט זיך אַרויסגעמאַכט פֿון דײַנע הענט,
צוגעזעצט זיך בײַ דיר אויף אַן אַקסל און אַרײַנגעזילבערט דיר אין אויער
זײַן שטילן סוד...

אינדרויסן האָט די נאַכט פֿאַרשוואַרצט דעם דײַטשן האָריזאָנט,
צעפּאָכנדיק די לופֿטיקע גריווע, פֿון מאָל צו מאָל געקערט דעם שליאַך
און, אַ מידע, געצויגן זיך באַנג אין די מרחקים...

אינעווייניק, אין וואַגאָן, איז אַלץ פֿאַרבליבן טעמפּ, ווי מיט אַ רגע
פֿריער, ווי אין אַלע רגע'ס, ווען קיין שטערן איז ניט געווען בנימצא.
קיינער זעט אים ניט, דעם וווּנדערפּלאַטער, קיינער הערט ניט, ווי ער
רוימט דיר אײַן זײַן סוד — — — ווי שווער ס'איז צו זײַן
אַ שטערן... נאַכט=אויס, נאַכט=אײַן פֿלאַטערן איבער דעם תּהום, ווו
זינלאָזיקייט פּלעכט זיך דורך מיט רשעות, קליין און מאַכטלאָז הענגען
איבער טויטן=הײַזער, וווּ מענטשן=קינדער זײַנען צו אַש געוואָרן,
אײַביקייטן זיך וויגן אין די הייכן, פֿאַרנעמענדיק שווערד=געקלאַנג, בײַטש=
געסווישטש פֿון מערדער און דעם קרבנס געפּענטעטע יללה...

אַזוי האָט געקלאָגט דער שטערן, אַ ווײַסע מעווע, אַרײַנגעפֿליגלט
אין דײַן אַקסל, מיד פֿון אומקרײַזן איבער אַ בלודנע שיף, וואָס קען ניט
קומען צו אַ ברעג...

...שווער צו זײַן אַ שטערן... — האָט באַשטעטיקט די האַרבסט=
נאַכט, וואָס האָט דורכן אָפֿענעם פֿענצטער זיך געריסן אין דײַן ווינקל
און מיט ווינטיקע פֿינגער געשמיסן דיר דאָס פּנים. אינעם צוג'ס הייסן
געבראָם, אין קלאַפּן פֿון די רעדער, אין לאָקאָמאָטיוום אײַנטאָניקן רוף און
אינעם פֿלאַטער פֿון דײַן אייגן האַרץ, האָסטו געהערט דעם אָפּקלאַנג פֿון
די ווערטער...

...ווי לאַנג נאָך?... — האָט דער שטערן מיט טרערן=צעפֿינקלטן
שפּרײַ אויסגעוויינט זײַן שטילע טענה.

און דיך האָט אַרומגענומען עפּעס שרעקלעכעס — ניט אָנצו=
רופֿן עס בײַם נאָמען: ווי אַ מין קלעם וואָלט אײַנגעריפּט דײַן וועזן...
דו פֿילסט, ווי עפּעס אין דיר ווערט אײַנגעשרומפּן, אָט נעמט עס שוין
קראַכן — באַלד וועט עס זיך צעברעקלען, און, אַ זאַק מיט שאַרבנס,

אומבאמערקט פון קיינעם, וועסטו בלייבן ליגן אין דיין פארגדיקן ווינקל, צווישן די, וואס זעען ניט דיין שטערן...

— ווי-ווי!... געמיינט, אז ווייט פונעם מענטשן-מין, אומ־דערגרייכבאר אין הויכקייטן דעם קאָפּ פארגראָבן, ווייסט ער ניט אונדזער צער... — האט געיאָמערט דיין ווזן, איינגעפּרעסט אין קלעם.

נאר באלד פארשפּרייט זיך אין דיין דמיון דאס הימלישע שטערנטוך, וואס האט, ווי א שטראליקער זעגל, געיאָגט פאָרויס דאָס שיפל פון דיין שיינער יוגנט און דאס שרעקלעכע, וואָס האָט פאר־קלעמט דיין וועזן, נעמט נאָכלאָזן. די צוואנג, וואָס האלט דיך געפאנגען, ווערט שוואכער, לויזער; די בימערניש ווערט אנטרונען, בלויז אויפן ראנד פון דער נשמה, ווי א קליינער טראָפּן, בלייבט הענגען דיין טענה צום גורל, הלמאי דאס צייבער-שיפל פון דיין יוגנט האט אזוי אומדער־ווארטעט זיך צעשמעטערט אינעם מלחמה-פעלז און אין שפּעטן זומער, איינער אליין, וויגסטו זיך אלץ נאָך, ווי א שפּאָן אויף די כוואליעס, ניט צוצוקומען צו א ברעג...

און פלוצלונג איז עס דיר אלץ איינס. מאָדנע גלייכגילטיק איז געווארן דיר דיין אייגן לעבן, — גלייך ווי ביז איצט וואָלט גאָרניט געווען, גלייך שפּעטער זאל גארניט זיין; גלייך, ווי אין קאָסמאָס זאָל ניט עקזיסטירן קיין זאך, אחוץ דער איינציקער: די שטימונג, וואָס באהערשט דיך איצטער. אלדאָס איבעריקע איז — דריב און דרויב, ממשותדיק איז בלויז די פינצטערניש אין וואגאָן, דאס קלאפּן פון דיין הארץ און די זילבערנע מעווע אויפן אקסל...

פאמעלעך, ניט איבערצושרעקן דאס פיצעלע וואונדער, האָסטו עס גענומען אין די הענט. א ווײלע האט דער עפּירישער קערפּער בלוי און גרין זיך געהוידעט אויף דיין האנטפלאך, צוזאָגנדיק דיר עפּעס מיט זיין ווינקען.

אפשר א וואונדערבארן פאלאץ מיט נייע חלומות?...

און אפשר א שיף, וואס האט אין גרויער דעמערונג געבאנט א וועג און זיך דערשלאָגן צו א האפן?... ווער ווייס, וואָס עס מיינט א שטערן מיט זיין ווינקען, נאָר עפּעס-וואָס מיינט ער דאָך געוויס...

און פלוצים האט זיך דיר געוואָלט ביז ווייטיק, דאָס זאָל מיינען: פרילינג, צו גיך פון דיין לעבן אנטרונענער און ווידערגעקומענער, דיך געמען אין זיין הערשאפט... און נאָך א טרוים האט זיך מיר געוויגט אויף דיינע ברעמען, נאָר דעם האָסטו מיר ניט געוואָלט דערציילן...

דעם שטראַליקן פּלאַטער האָסטו זאָרגפעלטיק פארוקט אין בוי־זעם, צום אָרט, וווּ ס'צאַפּלט זיך דאָס האַרץ. אַזוי זייט איר געפאָרן זאַלבענאַנד, — דו און דיין שטערן... אַרייַנגעפאַלן דורכן אָפענעם פענצ־טער און באַגלייט דיך אַ נאַכט־לאַנג אויף דיין רייזע.

נאָר אין דער שעה פון דעמערונג, ווען די נאַכט האָט אויסגע־הויכט איר לעצטן אָטעם, ווען ס'האָבן לאַנגזאַם גענומען אָפּטריפן די ערשטע טראָפּנס פינצטערניש און דער טאָג האָט מיט בעלמעדיקן אויג, ווי אַ בלינדער מיט זיין שטעקן, פאַרזיכטיק באַטאַפּט דעם שליאַך, אַריינרוקנדיק דורכן פענצטער דעם גרויען, גיט־געקעמטן קאָפּ, — האָט דער שטערן בעל־כרחו זיך אָפּגעריסן פון דיין ברוסט און אויסגע־שטיגן אויף דער סטאַנציע „מ אָ ר ג נ ג ר ו י"...

ביסט ווידער געווען אַליין...

אינדרויסן האָט זיך וואָלקנדיק געקנוילט דער טאָג, ווי אַ זלידנע פליג זיך איינגעגעסן אין דיין רעיון. פונעם האַמעטנעם רעדער־גע־קלאַפּ, צום טאַקט פון דיין איינזאַמקייט, האָט זיך געצויגן אַ ניגון, צו וועלכן ס'האָבן שוין לאַנג פאַרפעלט די ווערטער...

ביסט געווען אַליין:

פאַרבייגעפאָרן „ל ע ב נ ס ג ר ו י", ניט אויסגעמיטן „ל ע ב נ ס־פ יי ן", — נאָר ווייט איז נאָך געווען דער ענדציל פון דיין רייזע...



# קליינער עפּילאָג

איצט שפּאנסטו ווידער אויף וועגן, וואס דארפן דיך צונויפפירן מיט חנה'לען, מיטן קינד...

און איבער דיר — די שטערן...

ווי א טרער, פלאטערט אין מיין הארצן דיין ביזאיצטיקער גורל און איך ווייס ניט מער: איז עס טאקע געווען אזוי אינעם פאטאלן סוף פון דיין ערשטן קאפיטל? ...

דאס איז אלע וועגן... אלע וועגן האבן געדארפט דיך פירן אהער — אין דעם וועג.

אין אמת אט דאס אלץ? האסטו טאקע אריינגעבלויט אין מיר די געשיכטעס פון דיין לעבנס - וואנדער, אדער האב איך זיי אליין מיר אויסגעטראכט, אין א נאכט, א שלאָפלאָזער, ווען אלץ איז אזוי מטושטש, אומקלאר — גאָלער אומעט. נאר, צי איז עס דען ניט אלץ איינס?...

— — — אויך איך בין אבעראמאל אין וועג.

און איבער מיר — די זעלבע שטערן...

טייל מאל געפין איך אונטערוועגס דיין שפּור. איך ווייס: ווידער וועלן מיר זיך באגעגענען — ווייל אלע וועגן פירן דאך א ה י נ צ ו...

פון א גרוס, פון א בריוו, פון דיין נאמען, אנגעשריבן ערגעץ, אויף א וואנט, זאמל איך דעם שטויב פון דיינע וועגן — — — און איך האב שוין באלד דיין גאנצן וועג...

# וואַלס

ווינט ־ פלאַטערנדיק מיט גרינער וועלדער ־ פעלדיקייט איבער דאַרפישע פליינען, וועבט זיך דער צויבער פון קלאַנגען:

הארמאַשקע שטרעקט אויס און קאָרטשעט איר קערנדיק לייב, ווי א יינגע שלאַנג, דער פידל ־ בויגן שפילט א ליבע מיט די סטרונעס, דאס באַסטוך ־ פייפעלע אַרבעט מעשים אינעם דאַרפישן אָרקעסטער.

רונדאַרום, רונדאַרום, צום טאַקט פון וואַלס, וויגן זיך גופים: בויגיקע, גיט ־ בויגיקע, שלאַנקע, ניט ־ שלאַנקע — אַלערלייע...

בליקן ־ קוש, מיילער ־ גלעט, האָר פלאַטער אויף שטערנס... רונדאַרום קרייזן פּאָרלעך — ווי מעוועס, ווי טויבן. נאָר ד ו ביסט איינער און איינציק זיינען דיינע אויגן, וועלכע איך וויל קושן...

פעלד ־ וואַלדיק, באַרג ־ טאָליק, ציט זיך די ליענטע פון וואַלס — גרין ־ רחבותדיק איבער גרויע שטרעקעס.

„אָ, זע נאָר, ווי פרייידיק הייגט קוועלן —
ראָזיטאַ און מאַנועלאַ"...

באַרוישט פון פרילינג און טאַנץ, כ'פלאַטער אין דיין אָרעם און ס'דוכט זיך, די וועלט איז ערשט איצטער אַנטדעקט גאָר געוואָרן.

און ערשט ־ געבוירענע, לייכט, ווי א וואַלקנפעדערל, צום טאַקט

פון מעלאָדיעס באַקאַנט ־ אומבאַקאַנטע — שווים איך אין ווייטע נסיעות.
און כ'וועב חלומות מיר אזעלכע, — סתם אזעלכע:

אז פאַראַן נאָר — איך אין דו...אז דיינע האָר שמעקן מיט ווינט...
אז כ'האָב זיך פאַרלוירן — אַ פּיטשיינקעס — אינעם גרויסן וועלטאַל און דו ווילסט מיך ניט געפינען...

נאָר — וועלט האָט זיך מאַייק צעשטראַלט — מיט וואַלד ־ פעל־דישע שטעגן גייט אַ בחור און אַ מיידל אין גרינע ווייטן פונעם לעבן — און גרין איז די פאַרב פון מיין בענקשאַפט...

...„צווישן בוימער — באַנג,
לידלט חיים גיטאַרע ־ קלאַנג"...

פאַרגייט האַרמאָשקע ־ פידל ־ פייפל זיך אין דאָרפישן דרויסן און, אַ צעטאַנצטע, קוועלט אין די שטאָטישע כאַליאַסטרע.

ביימער רוישן, בוקן זיך אין גרינעם פלאַטער. ס'ווינקט שעלמיש דער הימל, מיט צוריקקערנדיקע פייגל ־ צוגן, וואָס איילן אין די היימען. דיינע באַגערן ריזלען אין געבליטן...

פרילינג שפּרייט טעפּיכער ווייכע. רונדאַרום קרייזן פּאָרלעך אין ווירבל ־ געדריי.

פרילינג קושט מיינע פוס ־ טריט — און דו האָסט אַרום מיין שלאַנקייט פאַרוויקלט דעם אָרעם און מיט מיידלשער האַנט אויף דיין אַקסל שוועבסטו צום טאַקט פון די קלאַנגען:

...„און מאָרגן — אין ווייטן, אין גאָרע,
וועט שאַלן פון גליק די בשורה"...

מיט קאַפּריזנע אוזאָרן וועבט וואָלס אַריין זיך אין הערצער. דער טאַנץ הילט די וואָר אין אַן אָפּאַלענעם שלייער און אַלץ זעבאַרער, בולטער, צייכנט זיינע קאַנטורן דער טרוים.

קען איך שליסן מיינע אויגן און אַנען — כ'וויים אליין ניט, וואָס:
— — — אז דו ביסט עס—און איך—און קיינער, אויסער אונדז...
אַז קושן כ'וועל אַמאָל דיין מויל... אַז, אפשר מ אָ ר ג ן — ווער ווייס?...
— — — שוועבן גופים אין צאַרטן געפלעכט — רונדאַרום, באַנג ־ און ־ באַנגער. מילד ־ און ־ מילדער קילט האָר ־ וואָלקן דעם פיבער פון פרעמד ־ אייגענעם שטערן...

מיין האַנט ־ געלענק, אייננעקלאַמערט אין דיין דלאָניע, דער־ציילט עפּעס דיינע פינגער — נאָר מ'דאַרף ניט, דו זאָלסט דאָס הערן...

הינטער אונדז איז געבליבן די שטאָט מיט איר הוהאַישן געטומל — נאָר קיינער וויל איר ניט געדענקען.

דאָ שפרייט זיך אָפן און גרין די וועלט. היאַצינטן בליען מיט לוסט. מיט גרינגע פיס טריטלט וואלט אויס דעם גאַנג צו פאַרקלערטע עקסטאַזן און זינגענדיקע רגע'ס קייקלען איבער אונדז די יובֿל־טענער פון א ליד:

...„דיין מזל, וואס זיס־אנטציקנד,
זאל תמיד באגליקן"...

דער לעצטער קלאַנג פון ר אָ ז י ט אַ־מ אַ נ ו ע ל אָ־געזאַנג זינקט, א גליקלעכער, אין אין־סוף פונעם עכאָ און ס'וויגט אונדז אן אנדערע מעלאָדיע אויף איר פליגל — נאר איך ווייס ניט גענוי אירע ווערטער.

פידל־בויגן פאַלט צו מיט געוויין צו די סטרונעס, טולי־טולי — בעט זיך דאס פייפעלע תחנונים, מיט באַנגע טענער זינגט האַרמאָשקע אונדז צ ע ש ײ ד ו נ ג ס־לידער... נאר מיין הארץ איז לויטער ב א ג ע ג ע נ י ש און איך קען ניט מיטפילן דעם ארקעסטער...

מיטן הויך פון ווערטער ניט־דערזאגטע, פליסטערט וואַלס אויס זיין טענה. צום טאקט פון ניגונים אייגענע־פרעמדע, כ'שווים און אין דיין אָרעם אנטקעגן באגעגענישן, דעם שטערן פאראנקערט אין בליקן, וואס זיינען איינציק.

און כ'טרוים חלומות בלויע:

— — — אז ס'זיינען איך און דו... אז אין מיין חלום שפיגלט זיך די פארב פון דיינע אויגן... אז ס'איז מיין הארץ — הוילע בענ־קעניש צו דיר, נאָר דו טאָרסט עס אפילו ניט אָנען...

— — — ...„און ס'רופן מיך, ווייטע, די וועגן"...

האַרמאָשקע שטרעקט אויס און קאָרטשעט איר טונקל לייב און בענקשאַפט נאך שמאַראַגד־גרינע ווייטן, אין שרעק נאָך פרעמדע מרחקים, פידל־פייפל העלפן איר אונטער — און אין מיר הויזט די פאַרטרוילעכקייט און א פרייד, אזא שטילע, וואָס קומט פון דיין נאָענט־קייט...

קען איך שליסן מיינע אויגן און זען, וואס כ'וויל:
אז נאָר איך — און דו — און קיינער מער — רונדארום־רונ־

דארומיק... אז מארגן וועסטו קושן מיינע אויגן, אז מיין מיידל = הארץ, — אז איינגעשפּאַרטע קנאָספּע, וועט דיין ליבע בלומיק צעעפֿענען...

„...ס'קען זיין, אז אויף אייביק"... — — — —

וויינט הארמאָשקע = פידל = פייפל אונדז געזעגנונגס = לידער — און אין מיר איז די פרייד פון באַגעגעניש...

וואַלס = קלאַנג פארוועבט אונדז מיט זיין צויבער — אויף פליגל פון ניגון מיר שווימען, דורך שטרענגע ווייטן — אין ערגעץ א רואיקן האַפן. נאָר דער טרוים איז בלויז מיינער:

— — — אז נאָר איך און דו... אז ניטאָ גאָר קיין רואיקע האַפנס: בלויז דער טרויער פון פאַרשפּעטיקטע באַגעגענישן און דיי= נע אויגן, אין וועלכע ס'קוקט זיך איבער דער הימל...

שטייגן פאָרלעך אויף לייטער פון טאַנץ, ווי אויף שווערן צו זון= אויפגאַנג לויטערן.

ניין, ניט מוזיק = קלאַנג, ניט וואַלס = ברויז און ניט פאָרלעך=גע= דריי רונדאַרום = רונדאַרומיק: ס'איז בלויז איך און דו און מיין הארץ, א פויגל, גליק = צעטומלט אין דיין אָרעם — נאָר מ'דאַרף ניט, דו זאָלסט עס וויסן...

א ווײַלע דויערט דער טרוים, לאַנגאָניק ציט זיך די וואָר: קרייזן פאָרלעך אין פלאַטער = געפלי, רונדאַרום, שטיל און = שטילער, וואַלס וויגט זיי אויף כוואַליעס פון צויבער. צום טאַקט פון פידל = פייפלס פאַרצווי= גענעם, הארמאָשקעס געשטרעקטן, געקאָרטשעטן קלאַנג — קרייזן פאָר= לעך אין ווירבל = געדריי, נאָר מיר זיינען איינציק, אליין...

ניין. מ'דאַרף ניט ענדערן גאָר, ס'איז גוט אזוי — רונד, רונדארו= מיק — זאָל בלויז בלייבן דער צויבער פון טאַנץ, זאָל זיך וועבן מיין טרוים:

— — — אז דו ביסט פאַראַן — און איך בין אינגאַנצן ניטאָ... אז מארגן וועל איך דיך ניט קושן... אז אפשר קיינמאָל... ווייל כ'וויים אפילו ניט, אויב דו ווילסט...

און דו שמייכלסט צו מיר מיט דיין שענסטן שמייכל: ליבלעך? ניט = ליבלעך? — אומבאַגרייפלעך... זוכסט מיינע אויגן — מיט בליקן, וואָס זיינען איצט אנדערש, ווי תמיד. דו רעדסט — און איך באַמי זיך באַנעמען דעם זין פון דיינע ווערטער: צערטלעך? ניט = צערטלעך? — אומפאַרשטענדלעך...

— שטענדיק זעסטו מיר אויס צו זיין אביימעלע, וואס הערט זיך איין אינעם רויש פון זיין בליונג. אבער איצט ביסטו מיר שטארק ענלעך אויף א קליין מיידל, ועמען ס'איז פלוצים באפאלן א חשק אפצוטאן עפעס א שפיצל, נאר זי האט מורא פאר די דערוואקסענע...

— מיינסטו?...

דער טאנץ בלייבט אלץ וואלס, וואס כשופט און מיין פראגע באַ־האלט זיך מיט דעם נייגיר.

— יאָ. — באשטעטיקסטו בלויז מיט א קאָפּ־שאָקל און איך מוז ווידער פרעגן:

— איז וואס?...

— טאָ האב ניט קיין מורא פאר מיר... — זאָגסטו.

און גארניט מער.

נאָר פון די מארגע ווערטער פּלאָנטערט זיך דיין טראָט און מיר טאַנצן שלעכט: די מעלאָדיע — אזוי, און מיר — אנדערש גאָר...

רונדארום קרייזן פּאָרלעך גיך־און־גיכער אין הייסן געדריי און דאָרפישער ארקעסטער ברים־ברומט דאס ליד פון א בחור, וואס מוז אוועקגיין — אפשר אויף אייביק...

און איך, דעם שטערן געניייגט אויף דיין אקסל, חלום אלץ נאך די פרייד פון באגעגענען, חלום נסיעות דורך רוישיקע האפנס... (ווו וועט זי, די הארציקע שיף, אונדז פארטראָגן?...)

ניין, מ'דארף ניט ענדערן גאָר — נאָר א ווײַלע נאָך בלייבן אזוי, מיינע פינגער אין דיינע פארפלאָכטן. א ווײַלע נאָך, ריידן דורך שווייגן און דו זאלסט עס הערן...

באלד פארשווינדט דאָך דער צויבער פון טאנץ, באלד וועט אן אנדערע פלאטערן אין דיין אָרעם און חלום'ען איר טרוים: בלוי, ניט־בלוי, אָבער — טרוים...

איז, א ווײַלע נאך שליסן די אויגן און טרוימען, — כ'וויים ניט וואָס:

— — —אז נאָר איך — און דו — און קיינער מער — רונדאַ־רום־רונדארומיק... אז כ'האב ארייגעמויערט דעם קרישטאלענעם פאלאץ פון חלומות אינעם מארגנדיקן, אומבאקאנטן טאָג...

---

# טאַנגאָ

— — — פעלד=בלומיק, וואלד=שטעגיק, ציט זיך די ליענטע פון קלאנגען.

פלי=פלאטערנדיק, לייכט ווינטיק, האָוועט דער צויבער פון טאַנגאָ און אין זיין ריטם קרייזן ווידער פאָרלעך. בלוי=אויגיקע, גיט=בלוי=אויגיקע, — אלערלייע...

שכור פון קלאנגען, שכור פונעם שמייכל, וואס געהער מיר, און מער קיינעם — שווים איך מיט דיר אין אונדזערע ווייטן, מיט געבטיקן טאג אונטער וויעס. און ווידער קען איך שליסן די אויגן און וועבן מיין חלום בלוי:

— — — אז נאך אלץ איך און דו אינעם דאָרף, און דער זומער — א רייטער אויף שוימיקן פערד, וואס לאדט איין אין וואנדער=נסיעות..

קרייזן פאָרלעך אין מילדן געדריי — רונדארום, רונדארומיק — אויף שיפל פון טאנץ שווימען גופים: בלאָנדע, ניט=בלאָנדע, שלאנק=פיסיקע — אלערלייע... נאר מיר זיינען איינציק. און איינציק איז דער וואנדער פון מאי=טעג אינעם עבר, אין גאענטן, וואס האט אונדז געפאנגען...

— — — ביימער פלייסן זיך מיט בליונג, און מיר — מיט ווירבל=געדריי, רונדארום, רונדארומיק.

דער ווינט, א שכורער, פלאָנטערט זיך צווישן די צווייגן, זוכט

אָפּצוציפּן א ברעקעלע ווייסקייט פון צווית. און ס'פּרעגט מיך דיין בליק, וואָס איז אײנציק:

— — — וויאזוי פאַרבאַהאַלט מען דאס אויף שפעטער?...

צום טאקט פון ניגונים, די = אנדערע, שווים איך מיט דיר אין אונדזערע נסיעות און מייד אלץ ווייטערע האפנס און טרוים און אלץ שענער די וואר:

אז איך און דו — און מער קיינער... אז זומער קוועלט אין דיינע בליקן, ווי צייטיקייט אין די טרויבן. אז נעכטן האסטו געהיים מיך גע= צערטלט און דיין הארץ האט אויפגעהאנגען דעם ציטער אויף א שטענגל פון ליבע...

ווייל געווען איז א טאג, ווען דיין בליק, א פארשטענדלעכער און מילדער, האט לאנג מיך געזוכט צווישן אלע. געווען אזא טאג, ווען דיינע אויגן האבן מיר אנפארטרויט דעם סוד פון דערווארטונג...

האבן וואלדישע מאָכן אויסגעוועבט דעם שענסטן טעפּיך פאר אונדזער ליבע. הויך, איבער אונדז, האבן ביימער פארפלאכטן די קרוינען און די באַפליגלטע חברותא האט אויף גיך אימפראוויזירט אזא מין אייגן ליד צום טאקט פון אונדזערע הערצער, די וואַנזיניקע...

דער הימל איז געווען דורכזיכטיק, ווי א טרער, און אזוי בלוי, ווי דיינע אויגן, וואס האבן געקוקט אויף מיר באנג און עקשנותדיק, ווי זיי וואלטן מיך וועלן איינגעמען אין זיך אויף אייביק... און ס'איז געווען שטיל, ווי אין א טעמפל, ווען בלאנדזשענדיק, אין שטומער דאנקבארקייט, מיט די פינגער איבער די האר מיינע, טוי = פייכטע, האָסטו אויסגעמורמלט די איינציקע ווערטער:

— כ'האב קיינמאל ניט געהאט קיין ל ע ג ע נ ד ע אין די ארעמס...

— און אויף דיינע אויגן = וויעס האט שעמעוודיק געוואגלט א טרער.

„...ל ע ג ע נ ד ע ביסטו מיר געווען — — —
יענע טעג — ניט פארגעסן כ'קען״...

ניין. ס'איז ניט טרוים — ס'איז ניט וואר. בלויז ציטער = פלאטער פון פאָרלער רונדארום = רונדארומיק — ליפּן = גלי, אויגן = גלעט, פינ= גער = ברי ארום טאליע... נאר איך, מיינסטו, בין איינציק. און איינציק, זאָגסטו, זיינען מיינע אויגן, מיט קיין שום אנדערע צו פאר= גלייכן....

דעם הארציקן ציטער, ווי א סטרונע, געשפּאַנט אין די ווייטן, שווים איך אין דיין ארעם און וועב מיר מיין וואר:

אז בלויז איך און דו... אז איןביימער ־ שאטן האט געבלאנקט פאר דיר אָפּן מיין ברוסט און דו ווילסט דאס ניט פארגעסן... און מארגן וועט די שיף פון מיין הארץ מיך וויגן צו א ווייט ־ ווייטן ברעג, וווּ דו וועסט מער ניט זיין — נאר מ'הארף ניט, דו זאלסט זיין טרויעריק...

מיט מויל אויף מיין שטערן שווימסטו אין אונדזערע ווייטן — מיין האר ־ וואלקן פארבארגט דיין צערטלעכקייט פון פרעמדע בליקן... איך הער דאס קלאפּן פון א הארץ אין וואנזיניקע געלאפּן און ווייס ניט וועמעגס... ווייל זיין יענעם טאג, ווען ס'האט אונדז דער שטורעם פארטראגן אויף אינזל פון וואנדער, האט דיין הארץ אין מיין ברוסט זיך פאראנקערט און מיין הארץ איז גאר אין דיינער פארזונקען — — —. זאגט מיר דיין בליק, וואס איז איינציק....

...„געווען אזא נאכט אין מיין לעבן:
כ'האב איינער מיין הארץ געגעבן"...

מיטן ניגון פון ליבשאפטן שטילע, וועבט זיך דער צויבער פון קלאנגען. קען איך ווידער שליסן די אויגן און טרוימען אונדזער וואָר:

אז תמיד איך און דו — אלץ איינס, זאלבענאנד, אדער אין צעשיידונג. אז אייביק איז דער מאָגיקער אינזל מיט ביימער ־ גבורים און פייגלשע טענער, וווהין ס'האט די הארציקע שיף אונדז פארטראגן. אז כ'האב געקענט גוף און נשמה צו אייגנס דיר געבן און אוועקגיין אזוי שטיל, ווי כ'בין צו דיר געקומען...

— — — דאס דארף מיט טרויער ניט פארטונקלען דיינע אויגן: אזוי דארף זיין צווישן אונדז ביידן — חלומות קען מען ניט האלטן געפאנגען, דאס ווייסטו...

וועט גיין יעדער פון אונדז זיינע וועגן און מיטנעמען מיט זיך זיין לעגענדע, וואס חזר'ט זיך צווייטמאל ניט איבער.

...„לעגענדע ביסטו מיר געווען — — —
פארגאנגען — ס'וועט ניט מער געשען"...

דאס דארף דיר ניט באנג טאָן: שטענדיק וועסטו מיך דאך אפגעפינען אין דיין הארצן — די זעלבע — ווי איצט — אינעם טאנגאָ; כ'וועל זיין צו דיר מילד אין דיין דמיון און וואס דו וועסט ניט וועלן, דאס וועל איך דיר ניט שענקען...

אזוי רייד איך צו דיר — מיט פינגער ־ ציטער, אויגן ־ גלי, מיט האר ־ פלאטער אויף דיין שטערן. נאר דו ווילסט דאס ניט וויסן.

— ב ל יי ב!..— מאָנען ואייגגעשבארט דיינע ליפּן דאס וואָגיקסטע, דאס איינע — נאר איך קען ניט געהארכן.

— — פאַרוואָס?... — פרעגט האַרמאָשקע, פול יאמער.

— — — אזוי־וויי?... — שניידט רער בויגן זיין הארץ אויף די סטרונעס.

— — — — טולי - טולי - יאָאָאָ...... — באשטעטיקט דאס פייפעלע און שמייכלט דורך אן אייגציקער טרער, שטשירענדיק מעלאדיעס, ווי פערלדיקע ציין.

צום טאקט פון ניגונים באקאנט - אימבאקאנטע, האנט - אין־האנט, זייט - ביי - זייט מיט דיר — מייד איך אלץ שענערע האפנס און טרוים אלץ בלויער די וואָר...

גאר — נאכט איז אין דיינע אויגן, ווען מויל צו מויל געווענדעט, פליסטערסטו אריין אין מיר ווערטער, וואס וויגן אויף זיך דעם קלאַנג פון א ניגון:

— — — הייגט פרי בין איך געווען אויף אונ־זער אינזל, וואס איז ערשט ניט לאנג געווען לויטער ל ע ג ע נ ד ע... טרויעריק זעט ער אוים און פאַרלאָזן, ווי דער דזשונגל פון מיין הארץ, וואס דו האסט צעהעלט אויף א ווילע מיטן ווונ־דער פון דיין שמייכל. די ביימער רוישן ניט מער מיט בלעטער־קרוינען און די פייגל שווייגן, ווי זיי וואלטן ערשט נעכטן ניט פארהילכט דעם ארום מיט געפילדער. א ווינטל, וואס האט אזוי שטיפעריש געשפילט אין דיינע קליידער, האט אראפגעלאזן מאַט זיינע פליגל און געפרעגט, אויב ס'איז אמת, אז דו ווילסט אונדז פאַרלאָזן? אפילו דער מאָכיקער טעפיך האט ארויפגעבליקט צו מיר פאראומערט מיט זיין טונקעלער גרינקייט, וואס זייט אונדזער לעצטן באזוך קומט אים קיינער ניט טרייסטן. און די זון, זעענדיק די פארוויסטונג, האט מיט טריבן וואלקן פארשלייערט דאס פנים...

בלויז אויף דעם קוסט, וואס ביי אונדזער צוקאָפּנס, האט ארומגעגעהאָוועט א שמעטערלינג — דערזעלבער, וואס פלעגט אלעמאל זיך צוזעצן ביים ראנד פון דיין שטערן, גלייך, ער זאל וועלן זיין א שותף צום ווונדער. ער איינער האט ניט פארלוירן די האפענונג: ער האט געשיינט צו ווארטן. — גלייך, דו מוזט קומען..

גיין. דו קענסט ניט זיין אזוי גרויזאם — דו, וואס ביסט איינ=

ציק... וויאזוי ביסטו גאר געקומען אויף דעם געדאנק, מיך צו פארלאָזן?...

...,,דיך וויגט מיין חלום איין,

אָ, צויבער מיין!''...

— שטילער, שטילער, געליבטער... זאל דיין הארץ מיר ניט ווײַ־טאָן מיט זיין צו האסטיקן קלאַפּן!... באהאלט דעם בליץ פון די אויגן, דו, וואס ביסט איינציק... ווייל רונדארום שוועבט דער שטן און שפּינט אריין אין אונדז עפּעס אַנונגען, פּארכטיקע, וועגן מ ל ח מ ה — — — און אונדזער ווונדער, דעם ליכטיקסטן, קען ער פארטונקלען.

— — — נשמה־פאַנגענדיק, גליק־מאנענדיק, פלאטערט די ליענטע פון קלאַנגען. צום טאַקט פון פארגאַנגענע שעהן טראגט מיך דער שקוואַל פון דיין ארעם און איך וועב אונדזער בלויע וואָר:

אז איך — און דו — און, ווי א בעריאָזקע, יינג און דופּטיק, וואקסט אריין אין א נייער וועלט אונדזער זון...

און כ'זע אינעם טרוים, ווי זיין מיידל, האנט־ביי־האנט, הארץ־אין־הארץ, טרוימט איר ווונדער מיט אים, ווי איצטער איך און דו, בכדי אויף אוועקצוגיין באצייטנס...

— — — קרייזן הערצער אין כשוף־געדריי און ווילן מער גאָרניט.

רונדארום וויגן זיך גראזן אין גלאנציקן פלאטער איבער פאר׳חלום׳טע פליינען.

— — — באַנג־און באנגער זינגט דער טאנץ אונדז וועגן טעג פאַרגאַנגענע, און דו אָטעמסט אריין אין מיר דעם שטילן סוד, וואס גע־הער בלויז אונדז ביידן...

...,,ווי אין חלום, אין ווונדער־חלום

ווייל אייביק בלייבסטו ח ל ו ם מיר''...

קען איך אלץ נאך שליסן מיינע אויגן און אַנען — קיינער ווייס ניט, וואס...

אז איך און דו... אז מאי האט געראָזיקט דעם צווייט... אז כ'האב אריינגעמויערט דעם קרישטאָלענעם פּאַלאַץ פון חלומות — אינעם נעכטיקן, פארגאנגענעם טאג...

בלויז אין מיין הארצן עפעס לאַכט אזוי און וויינט, אז דאס אלץ איז טרוים, נאר בלויער טרוים — — — און דאס שפּינוועבס פון מלחמה־השערה וועבט זיך סומנע, וועבט זיך — וויל פארשפּיגען מיין וואָר...

---

# האָפּאַק

— — — „באַבי דורי, באַבי דורי,
באַבי מיעלקי נאַראָד!"...

עפּעס גאָר אנדערש קלינגט היינט דאס ליד, דאס גוט־באַ־קאַנטע, טאָג־טעגלעכע „טשאָסטושקע"־ליד.. און דערזעלבער האַר־מאָניסט שפּילט איר אויס, און דאָך — אַן אנדערער, אַ נייער:

ווען האָט ביים רואיקן, שטילן אנדריושקאַ אזוי געמיניעט דער בליק? ווען האָבן אזעלכע טענער געצויגן זיך פון אונטער זיינע פינ־גער? ווען האָט ער אזוי כוואַצקע געטופּעט מיט די באַשטיוולטע פיס אין סאַמע מיטן פון אַ וואָכעדיקן טאָג, גלייך, ס'וואָלט אין פעלדער ניט געווען פאַר אים קיין ארבעט?

האָבן קומעס פאַרשפּאַרנט הענט אין די באַקעס און דערלאַנגט אַ טענצל אין מאַייקן דרויסן אין סאַמע האַרץ פון עם דאָרף.

האָבן באַבעס פאַרקאַשערט די יופּקעס — עך! עך! גיסט זיך פרייד אָן אַ ברעג...

אויס מלחמה!.. אויס! אויס!... — יובלט גרינגער ארום. און אין אויגן — אַ גליקלעכע טרער...

געבראָכן האָט שוגאַ דעם קאַרק, געוועלטיקן ווער אונדז ניט מער

און דער טייוולדיקסטער פון אלע טייוואָלים וועט הענגען אויף א לאָמ-טער!

— האבן ווייבער פאריסן באַטיכלטע קעפּ און אוועק אינעם טאנץ — פלאַם-פייערדיק, ווי אין ארבעט אויף היימישע פעלדער ביים שניט.

— — — העי, אנדריושקא, דערלאנג!... ביז אין זיבעטער ריפּ! זאָל זיך שפּאַלטן די ערד! זאָלן הימלען זיך קייקלען אויף אונדז! — ביז כ'וועט אָטעם פארפעלן און סט'אויסגיין דאס חיות אין טאנץ...

מאָרגן קומט דאָך דיין בראַווער טאנקיסט און מאקסימיטשעס פליער, דער העלד, וואָס בראָקנדיק פּגדיקע „ארבעס" די פריצעס אויף קעפּ, האט ער אין הימלען פארצוימט זיי דעם וועג צו זיין מאָרוס'קע מיט קינדערלעך דריי; ס'קומט אויך דוניאשקעס חתן, דער כוואַצקער מאטראָז — און ס'וועלן זיין שמחות ביי לייטן...

באָטש סט'ניט קומען מיין חברטעס זון, גיכער, קומע, קרייז — שפּאַן דיך אן, ווי א פייל, פלאַקער הייסער אין טאנץ, קלאַפּ אויס טרייער די דרויבן אויף אייגענער ערד, אז ס'זאלן פונקן פון אונטער די פיאטעס א שפּריץ טאָן!...

אוודאי איז היזק ניט קליין. און ס'ווונדיקט דאס מאמעשע הארץ אויף א זון, וואס וועט אהיים מער ניט קומען און ס'קלאָגן וויסט אירע שווארצאפּלען — איז נאָך הייליקער הייגט אונדז דער טאָג — אונדזער אלעמענס טאָג פון נצחון...

אָי, קומע, א העלד געווען קיסלאָוואס בחור! ניט איינס וועט מיט דער צייט פארגעסן ווערן, נאָר אזעלכע אָדלערלעך דארפן לעבן אין אונדזער זכרון:

ס'האט צעברויזט זיך דער שלאכט און גערמאנישע גזע דעם קליי-נעם אָטריאד ארומרינגלען געוואָלט. נאָר אונדזערע האבן אנדערש גע-מיינט:

— עי, פארשאָלטענער, שטיי! ס'איז דיר ניט קיין קאריטע, אונד-זער היימישע נעסט, טאָ רוק ניט דיין מאָרדע אהער — דעם טעם פון אונדזער גבורה האָסט נאכניט דערשנאָפּט ביזן סוף!...

געראָטן און קרעפטיק געווען איז מיין חברטעס זון און אין ווארפן גראנאטן געניט — קיין פּחדנות אין זיין דאָרף ניט געלערנט. אין יעדער האנט א גראנאט און אין די פיינטלעכע טאנקן — באַך! באַך!... געבליבן בלויז אייזן-ברוך און פון פריצעס דער אַש. אך, אך!

כאַטש געפאַלן איר זון, כאַטש דער מוטער איז ווי דאָך און ווינד, נאָר געזייגט האָט דאָס אומרוזעריקע בלוט...

אַזוי, שכנטע האַרציקע, אַזוי... אין האַרץ צוויקט האַרב א טרער, נאָר וואָס מיינט עס דען, — וואָס?... וויכטיק איז דאָך, דאָס לאַנד ז'ניט אין יאָך — און אַז מיר האָבן דערלעבט, טאָ אַ האָפּאַק, קומט־לעב, הייסער דערלאַנג!...

און דו, אַנדריי, ניט שלאָף! די האַרמאָשקע — אַ האַרציקער גלאָק... האַרמאָשקע — אַ פויגל אין פלי... טאָ צי די ידים מיט ברען! וואַרף די קלאַנגען צו אונדזערע פיס — זאָל זיך שפּאַלטן די ערד! און זאָל זיי דער עכאָ פאַרטראָגן, ווייט־ברייט — אויף ימען און בערג...

העי, אַנדריושקאַ, דערלאַנג!... צי די קלאַנגען, ווי פּערל, אויף האַרמאָשקענער שנור און פאַרוויקל אויף האַלדז פונעם טאַנץ... ס'איז אונדז טייער דער טאָג, אונדזער אַלעמענס טאָג — — — — אַי, אַי, ווידער וועט זיך מאַייק צעבליען דאָס לאַנד!...

הו־האַ! פאַרלייגט הענט אויף די באַקעס, האָבן קומעס צעפלאַ־קערט אַ טאַנץ...

„...ני וו סאָלדאַטאַ, ני וו מאַטראָסאַ,
ני ראַזסמאָרי וואַט' קאַליאַס"...

שמייכלט גרין דער אַרום מיט אַקאַציעס צווייט, האָפּקען הייזקעס אין ווילדן גאַלאָפּ: איז די ערד — אַ קאָוואַדלע און האַמערס — די פיס, שפּריצן פונקען צום הימל אַרויף...

און אַז ס'קומט ניט אַ זון פון די פראָנטן אַהיים, איז עס דען אונדז אַ נאָוויגנע?...

געוועזן פראָנטן: כאַסאַנער, קאַרעלער — ווער קען זיי, די נעמען, געדענקען?.. און אויף די פראָנטן ניט געפעלט האָבן אונדזערע קינדער. געגאַנגען מיט בליץ אין די אויגן, מיט גלויבן אין זיג. און דער זיג פלעגט אַלעמאָל קומען. נאָר ניט אַלעמאָל זיינען צוריקגעקומען אונדזערע קינדער...

שכנטע האַרציקע, ליבע... מירן הייגט באַהאַלטן דעם מאַמע־צער פאַר קינדער, אומגעקומענע אויף פראָנטן, און זאָל זיך הייליקן דער טאָג, אונדזער אַלעמענס טאָג — זאָג אָמן, קומע געטרייע!...

כ'געדענק — ביסט געוועזן די שענסטע מאַלאַדיצע — געשמט אין אַרומיקע דערפער: יעדער בחור וואָלט זיין גליקלעך צו שענקען דיר זיין לאַסקע — אפילו דער שטאָטישער אַרקאַדי פּאַוולאָוויטש, וואָס פלעגט

קומען אהערצו אויף קאַניקולן — געדעקסטו?... נאָר שטאָלץ ביסטו געווען און א טרוימערין: דער רוח קען דיך וויסן, וואס דו האָסט, קומע, געטרוימט... ביז דער בראָדיאַגאַ האט אָנגעשפּארט אין אונדזערע קאַנטן. שיין איז ער געווען, ווי א גאָט — און געשפּילט אויף א פידל. כ'מוז זאגן, קומע, דיין מבינות איז גארניט קיין שלעכטע... איצט הענגט זיין פידל ביי דיין צוקאָפּנס — מיט זיין טאנקל דערהויילע טרויער-מארשן דעם שונא געזונגען און געשפּילט מיטן לעבן...

נאָר מארגן קומט ער צוריק, דיין טאנקיסט, מאקסימיכעם ליאָטשיק און דונקעם מאָריאַק — טאָ זאָלן זיין שמחות ביי לייטן.

...„אַ יאַ טשאַי פּילא,

סאמאָוואַר טשיסטילאַ”...

שעם זיך, שכנטע קרוין, עפּעס טאנצסטו מיר פויל — ניט אזוי פייערט מען אזא טאָג, אונדזער טאָג: ס'איז אונדז אייגן די ערד, פון קיין שונא באוואכט, טאָ קלאפּ אוים הייסער די דרויבן אויף איר, אז פון אונטער געהאמערטע פיס זאלן פונקען א שפּריץ טאָן!

גיכער, קומע, פלאטער אום אין געדריי — אָט אזוי, אָט אזוי!... פארנעם די יובקע, זי זאל דיר ניט שטערן אין פלאטער-געפלי און פארשווינדל דעם מאייקן דרוים!...

זע, ווי שכור ס'איז כאטע און בוים: ניט די פיס אָנגעגאָרט, ניט די הענט זיך דערלאנגט, נאר זיך באָרוועם פארקייקלט אין גרינע מישמאַשן... ס'איז קיין שלאכט-פעלד דאס לאנד, ס'איז קיין תפיסה דיין היים, — טאָ פארשפּאָרן לייטישער הענט אין די באָקעם און פלאקער אוים הייסער דאס טענצל!...

— העי, אנדריושקא, ניט שלאָף!... די הארמאָשקע — א גלאָק אין דיין האנט: טאָ צעהוידע דאס הארץ אינעם קלאנג! און דערלאנג!... זאל דערהערן די וועלט, ווי מען פייערט ביי אונדז אזא טאג פון נצחון! — אוהאַהאַ! אוהאַהאַ! האַ!...

---

# האָראַ

„עם ישראל, עם ישראל חי!"

קעפּ. שוואַרצע, בלאָנדע, צעשטורעמטע קעפּ. אויגן — בלויע, ברוינע...

אומרו. ברויז. צעוויכערטער שטורעם אין קלעם פון דער נאַכט. באַגייסטערונג און בענקשאַפט צו פרייען, איינגעמאַרגן, צו היים, צו מאַמע־ערד...

העכער הויבן זיך פיס, שטאַרקער הילכט דאָס געזאַנג. ס'ראָד פאַרגרעסערט זיך, אויגן צעפינקלען זיך העלער, הייסער צעפלאַקערן זיך הערצער: האָראַ! האָראַ! האַ־האַאַ!

„סובי, סובי ונסוב,
כי דרכנו אין לה סוף,
כי עוד נמשכת השרשרת"...

טאָ הויב העכער די פיס אין אומרואיקן ברויז און הייסער פאַרצי די ניגונים!... פאַרפלעכט איינעם טאַנץ אונדזער יידישן וויי און די גבורה, וואָס האָט ניט איר גלייכן...

פאַרפלעכט אין טאַנץ דעם בלאַסן חלום פון קינדער, וואָס האָבן אין געטאָס געבענקט נאָך אַ בלימל און נאָך א י ן מאַלצייט, אַ זאַטן...

אויף וועגן אַנ׳סופ׳יקע זאָל מיטגיין דער באַרג שיכעלעך פון קליינינקע פיסלעך, וואָס, אויסגעפּאַרעט דורך די קוימענס, זיינען און ערגעץ ניט דערגאַנגען...

אין האַרץ פונעם טאַנץ היט אויס די אַנונג וועגן אַ מאַמעס ווייַ אין דער רגע פון אומקום, דעם ציטער פאַר זין און פאַר טעכטער, וואָס דער שונא וועט אויך מסתּמא פאַרשליידערן אין די זעלבע רויכיקע תּהומות...

פאַראַנקער אַלע יזכּור׳ס אינעם אָדלער-פלי פון חלוצישער בויונג, און פּלמ״חישע שווונגען — און זאָל די לעגענדע זיך וועבן...

פאַרקנאַס פרייד אַ כּזית מיט טרויער אַ שלל און שלעפּ ווייטער דעם אַלט-נייעם עול!...

„זמר, זמר לך, זמר, זמר לך!

זמר לך מכורתי, מכורתי״...

טאָ דריי זיך, אונדזער ראָד, אין שנעלן קאַראַהאָד און זינג אויס די שירה צו הײמלאַנד! פאַרשנעלער דעם טראָט, פאַרברייטער דעם קרייז און טופּע אויס הייסער די האָרא!...

ווען די נאַכט וועט אַנטרינען, ווען סט׳אויפגיין דער טאָג, וועלן מיר שווימען אין שיפן צו היימישן ברעג.

נאָר ס׳יאָמערט דאָס האַרץ אינעם ברוסטיקן קלעם, אַז ס׳איז ניט ביי אונדז, ווי ביי לייטן:

ס׳באַגלייט ניט קיין שוועסטער אין ווייט-נאָענטן וועג און אַ מאַמע שענקט ניט איר ברכה, באַפּייכט מיט אַ זאַלציקע טרער!...

— — — וווּ ביסטו, מאַמע? וווּ זאָל איך זוכן דיין קבר?...

אפשר — אַש, צעזייט איבער פעלדער — מאָנט דיין געביין אַ תּיקון?...

מזרח-מערב׳דיק, צפון-דרום׳דיק שפּאַרט די האָרא — אין שונא׳ס האַרץ אַ שפּיציקער דאָרן — וואַגעניש — געשריי און מאָנונג: צו זיך? צו דער וועלט?...

מאַמע, איינציקע, וואָס ס׳וועלן ניט זען דיך מער מיינע אויגן!... האָב איך דען מיטאַמאָל דעם גאַנצן גרויל באַנומען? קען איך אויף גיך באַגרייפן דאָס געשעענע?... באַטויבט פונעם ווייטיק — כ׳פאַרשטיי גאָרניט, מאַמע, איך ווייס ניט...

כ׳ווייס בלויז דאָס, אַז ווען נאָך דער באַפרייונג כ׳האָב זיך אומ-

געקערט אהינצו, ווו ס'האט אמאָל זיך געהויבן די שוועל פון מיין וווינ־אָרט, האבן דיינע גוטע הענט ניט איינגעשלאסן מיך אין דיין אָרעם. און אויך ניט קיין אנדערע, — — ווייל א סך אָרעמס האט דער הענ־קער צעוואָרפן איבער לאַנעס...

ניט פון דיינע קושן און טרערן איז פייכט געווארן מיין פּנים און אויך ניט פון קיין אנדערע — ווייל אין ברוינעם גהינום זייבען אויסגעטריקנט געווארן אלע קוואלן פון טרערן...

דער זיגזאק פון מאנע הויבט זיך שווימיק און פאלט: ערשט איינגעשרומפּן, באלד סטענגעדיק צעפלאטערט, גרינג און אָט צעווי־בערט, צעשפּרייט — יאָגט זיך, טראָגט זיך איבער רויך און שאנד...

ווו ביסטו, מאמע? פארוואָס גייט אויף דיין געביין אין פרעמדן קאָרן? פאַרוואס רוישט דיין עלנט געוויין אין די גראָזן — מאמע, אונ־דזער אלעמענס מאמע?...

,,...אנחנו בנים רק לאמא, לאמא
אנחנו כלנו שלך''.

נאר האָרא, איז האָרא און שמחה — בלייבט שמחה. מיט אַש פון חרובע בית המקדשן פארשאָטן די קעפּ, ווארטן מיר אָפּ דעם באגינען — ווען ס'קומען די שיף אונדז פארנעמען אין לאנד און די בענקשאפט וועט ווירקלעכקייט ווערן.

,,...כי לבנו לב אחד
מעולם ועדי עד''...

דרייט זיך דאס ראָד אין שנעלן קאראהאָד און ס'טופּען די פיס אוים א שירה. און שטאָל איז דאס הארץ און אייזן דער טראָט ביי מגויסים פון דער שארית הפליטה...

ס'האבן די אונדז געברענט, ס'האבן אנדערע פארלענדט, דאָך — ניט געקענט אונדז פארניכטן. און ס'הויבט זיך דער שטאָם מיט גרינעם געצווייג און שפּארט אָן מיט קאָפּ אין די וואָלקנס...

באטש מיר זיינען הענט פון געצוואונגענער רו און פון ארבעט אויף פרעמדע באפעלן, דאָך — אין היימישער מי, צי אין קאמפישן בראנד, מיר וועלן נאך וואונדער באווייזן!...

,,קדימה, קדימה, קדימה ישראל!''...

האבן מיר דען געוואלט אזא בלוטיקן פראָנט אינעם היימלאנד? האבן מיר דען דאס פייער געצונדן?... נאר אז ס'האט דער שונא גע־

וואַגט און פאַרהויבן זײַן שווערד אויף דעם, וואָס אונדז הייליק און טײַער, טאָ הער אונדז, ישראל: מירן אויסבויען פון אונדזערע לײַבער אַ צוים אַרום היימישע געצעלטן און ס'וועט קיין פרעמדער אונדזער לאַנד ניט דערגרייכן...

...קעפּ. שוואַרצע, בלאָנדע, צעשטורעמטע קעפּ; גופים געשפּאַנטע, ווי פײַלן; טשופּרינעס — אַ פאָן, צעוויכערט אין געאייניקטע טאַנצן; אויגן — אַ שטורעם...

„איזה פלא, איזה פלא
אם ישנם לילות כאלה"...

עי, נעכט אַזעלכע אײנעם נאָענטן עבר, ווען ס'האָט דער טאַנץ — אַ רעגנבויגן־פּעכער — געשפּרייט זיך איבער יונג געמיט! וועלכע גליקן זײַנען ניט געווען אונדזער אייגנס? וואָס פאַרא ניגונים האָבן ניט אויס־געזונגען די בליקן? וואָסערע האָראָס האָבן די פיס ניט פאַראַרבעט?...

„הורה, הורה, את הכל לי,
את משכיחה לי עצב ראשי!"...

אונדזער גליק האָבן רוצחים געקוילעט אין טעג פונעם מעסער פון לאַנגן, נאָר געבליבן איז אונדז בלויז די האָראָ און ס'דרייט אַרײַן זיך איר ראָד אינעם מאַרגן...

טאָ פלאַקער הייסער אין איצטיקע טאַנצן! שלייף אָן די פיס אויף ערדישן שטיין — פאַר וועגן, פאַר לעצטע, צו היימלאַנד און שטאַר־קער גלי אויס די געזאַנגען!...

אָט אַזוי! אָט אַזוי!... לעבעדיקער! אַנדערשדריקער! באַנגער!...

...„לי מולדת קטנטונת,
יקרה לי עד מאד"...

איז וואָס, אַז מיר האָבן נאָר אייגנס דאָס העמד אויפן לײַב, דעם צעפּייניקטן?... איז וואָס, אַז — פייגל אַ טשאַטע, פאַריאָגט פון די נעסטן, מיר וואָגלען אַלץ נאָך אום אונטער הימלען, די פרעמדע: אין גלוטיקער היץ, אין שלאַקס־רעגן?...

ס'פלאַקערט פלאַם־פייער די בענקשאַפט אין האַרצן צו ברעקעלע היימאַט און סטאַיעט פאַר אַלראָס פאַרמעגן.

העי, זאַוויערוכעס רייטוואָגן, געשפּאַנט אין באַפליגלטע פערד — איבער שטאָק, איבער שטיין, אין לבנה'יקן בלענד! געבויגן, געדרייט

און געפלאָכטן, מאָרגנס האָרא אויס אַ מעשה'לע פון א ציגעלע א ווייסינקע, וואָס ס'וועט מער ניט פארצוקן דער וואָלף...

איז גוט, וואס ס'פלאָנטערן זיך שטערן אונטער צעהוליעטע פיס; איז גוט, וואס ס'שפאנט זיך די ערד, ווי א פויק, אונטער יינג-מיליקע טריט און דער גרינגער ארום וויל צעטומלט א שפרונג טאָן צו הימלען! זאלן נאר הענט זיין געקלאמערט אין אקסלען — אן אומצעררייסבארע קייט!...

באלד וועט דאָך פלאצן די נאכט פון אונדזער אייפריקן טאנץ; אינעם טראכט פון דער שיף וועט אונדז וויגן דער טאָג צום לאנד, צום געגארטן, — ווייט פון עמלקס פארשאָלטענע ברעגן...

„...אלף פרחים לפתע יפרחו,
יכסו את פני המדבר"...

— — — העי! און פון הייסן מזרח שמייכלען אנטקעגן די פרדסים... ס'רופט אונדז דער נגב, דער אלטער — וויל אויפבליען מיט טויזנטער בלומען אונטער ליבנדע פינגער. כנרת שימערירט מיט אלערליי קאָלירן. פון אייגענע פעלדער קומען אָן מיד-שלעפעריקע קאמפסבריגאדעס נאָך געווונענע שלאכטן און די ירושלימער בערג וועבן א לעגענדע פון רעגנבויגנדיקע פארבן...

„מי אנחנו? — מגויסים!...
מי אנחנו? — הגנה!...
מי אנחנו? — חפלמ"ח!"...

אויף שייטערהויפנס ניט דערברענטע, אין קאצעטן, אין בונקערס, ניט דערקוילעטע, אין וועלדער ניט דערשאסענע, וועלן מיר וויסן, ווי אָפצוהיטן אייגנס און קיין שום שונא וועט אונדז ניט ביישטיין!...

טאָ פארשפארן פעסטער הענט אין די אקסלען און פאראנקער אינעם האָרא פון גבורה די קייט — אָט אזוי! אָט אזוי!... אלץ עקשנותדיקער, הייסער צעשטורעם צו היימלאנד דעם שפאָן!...

— — — העי! צוגעראָלט דעם טאנצס קאָלירטן טעפיך אויף פרעמדער, בלוט-געזאפטער ערד און מער דאָ ניט געטאָגט!

ער! שיינקייט, שווונג און ברויז — אין האָרא-טאנץ!...
האָרא! האָרא! הא-הא!...

# תקון טעות

אינעם בוך זיינען אריינגעפאלן מערערע פארדריסלעכע טעותים, פאר וועלכע מיר אנטשולדיקן זיך פאר דעם חשובן לייענער:

| זייט | שורה | איז | דארף זיין |
|---|---|---|---|
| 41 | 9 | „עפידעווי'' | „עפידעוויט'' |
| 41 | 29 | „ | „ |
| 41 | 31 | „ | „ |
| 145 | 29 | דייטשע | דייטשער |
| 156 | 26 | שטעפעטעלעד'' | שטאַפעטעלעד'' |
| 161 | 32 | מגולים | מגוולים |
| 172 | 2 | מיר | מיט |
| 173 | 13 | שגץ | שייגעץ |
| 176 | 30 | דערלאַנג | דערלאַנגט |
| 177 | 4 | צעקייעט | צעקייט |
| 178 | 2 | דיר | איר |

פאַרלאַג „באַפרייונג".

**פרייז פון בוך — 3 מארק**